א. קאַרפּינאָוויטש

# אַ טאָג פון מלחמה



פאַרלאַג
י. ל. פּרץ
ישׂראל

תשל״ג — 1973

**A. KARPINOWITZ**
**A DAY OF WAR (A TOG FUN MILCHOME)**

**א. קאַרפּינאָוויטש / אַ טאָג פון מלחמה**
פאַרלאַג י. ל. פרץ, רח׳ אלנבי 31, תל־אביב

צייכענונגען: מולאַ בן־חיים

דאָס בוך איז דערשינען מיט דער מיטהילף פון
תל־אביב־פאָנד פאַר ליטעראַטור און קונסט.
(קרן תל־אביב לספרות ולאמנות).

**נדפס בישראל תשל״ג**

**דפוס „אורלי״, תל־אביב, טל. 32062**

מיין ברודער ד ו ד
דעם פען־מענטש און מוטיקן
פראָנט־קעמפער אין צווייטן וועלט־קריג
ל ז כ ר



... די באַלעבאָסטע האָט געקאָכט פאַר אַלעמען טיי און געפּרוּווט אַראָפּלייגען
פון די ערנסטע פּנימער דעם גורל פון דער מלחמה.

# ערגעץ אין ירושלים

דער שטאָב האָט זיך געהאַט איינגעאָרדנט אין אַ דירה אויפן ראַנד פון שטאָט. אינעם הינטערשטן צימער האָבן צוויי חיילים אַריינגעשלעפּט אַ גרויסן אַלט-פרענקישן טיש מיט שניצערייען און פליטערלעך, אויסגעשטעלט אויף אים אַ פעלד-טעלעפאָן, עטלעכע קורצכוואַליקע זענדערס, שרייב-געצייג. די באַלעבאָסטע האָט זיי נאָכגעטשלאָפּעט אין אַ פּאָר אויסגעטראָטענע שטעקשיך און זיך געבעטן: קינדער, צערייבט ניט דעם בלאַט, ס'איז אַ ירושה-טיש. מיין טאַטע, אייך צו לאַנגע יאָר, איז עולה געווען מיטן מעבל, גע-בראַכט קיין ירושלים זיין גאַנצע כודאָבע... דערנאָך האָט זי אויף זיך אַליין אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. ערשט מיט אַ שעה צוריק האָבן די באָמבעס אַראָפּגעריסן אַ גאַנצן שטאָק אין עק גאַס, איז וואָס וועט מען ריידן וועגן אַ טיש ?...

די חיילים האָבן ניט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט. דער באַלע-באָסטעס צעזונגענער, ליטווישער יידיש האָט געקיצלט זייערע אויערן. זי האָט גערעדט און זיי האָבן זיך געפּאָרעט ביי טיפע רוק-זעק, געצויגן דראָטן איבער דער פּאָדלאָגע, געמייסטערעוועט ביים שטידל פון דער אַריינגאַנגס-טיר. די באַלעבאָסטע האָט זיי נאָכגע-פּאָלגט ווי אַ היימישע קאַץ, וואָס איז נייגעריק אויף די הכנות בעתן צושטעלן אַ מאָלצייט צום פייער. זי האָט זיך געדרייט ביי די זעלנער אונטער די הענט, יעדע ווײַלע געפרעגט צי מען וויל טיי און פון וואַנען שטאַמען זייערע טאַטעס. ביז איינער פון זיי, אַ גרויסער יונג מיט אַ שטימע פון בויך אַרויס, האָט זיך אָנגעהויבן בעטן ביי איר:

— סבתא, האַ, סבתא... תלכי למקלט, פאַרשטייסט, סבתא? למקלט... אונטן, אין קעלער... דאָ ניט גוט... דאָ ירדנים באָמבעס וואַרפן...

ווי אַ באַשטעטיקונג אויף זיינע רייד זענען די דעטאָנאַציעס פון דער באָמבאַרדירונג געקומען אַלץ נאָענטער און נאָענטער. די שויבן אין די צעפּאָרענע ראַמען האָבן געציטערט, גערעדט זייער אייגענעם לשון פון פחד.

דאָס פענצטער פון צימער איז אַרויס צו אַ שטומער וואַנט. פון איבער איר שטיינערנעם געזימס האָט אַרויסגעקוקט אַ וואַך-טורעמל מיט אַ שמאָלער סליצע דורכצורוקן אַ געווער-לופע אין מאָמענט פון באַדאַרף. די חיילים האָבן זיך אָוועקגעשטעלט פון ביידע זייטן פענצטער, פאַרזיכטיק אַרויסגערוקט האַלבע פּנימער צום פאַרגלאָזטן שטח און געזוכט אַ מינדסטן שפור פון לעבן הינטערן פינצטערן קווערשניט אין טורעמל. אויף די באַלעבאָסטע האָט זיך געהאַט איבערגענומען מיט זייער אויסשפּירן דעם שונא אַקעגנאיבער. זי האָט זיך אָוועקגעזעצט אַ פאַרשוויגענע אין אַ ווינקל צימער, אונטער אַ געל-וואַקסענער ליטאָגראַפּע פון ווילנער גאון.

עטלעכע מינוט האָט אַן אויסוואַרטנדיקע שטילקייט געפּויזעט איבערן צימער, זיך געוועדט מיטן טויבן גערויש פון די קייטנרעדער-אויטאָס אויף דער גאַס. ביז אַ שאַרפער, קינדערשער געיאָמער האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון אַ דערבייאיקן אַלקער, און אויפגעריסן די חיילים פון זייער וואַכזאַמקייט. די באַלעבאָסטע האָט פאַרבראָכן די הענט: אוי, וויי איז מיר, ווי ער ליידט נעבעך — און אָוועקגעאיילט אין דער ריכטונג פון געיאָמער, וואָס איז אינצווישנצייט אַריבער אויף אַ דינעם געוויין.

דער אַריינקומענדיקער אָפיציר האָט נאָך געטראָפן זיינע חיילים שטיין ביים פענצטער. זיי זענען ביידע געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין אויפכאַפּן אַ רמז פון אַ באַוועגונג אין טורעמל, אָדער אויפן ראַנד פון דער וואַנט, אַז זיי האָבן אים אין דער ערשטער רגע גאָרניט באַמערקט. דער אָפיציר איז ניט געווען אַ סך עלטער פון זיינע אונטערגעאָרדנטע. אַפילו דאָס שוואַרצע בערדל האָט ניט מצליח געווען צו וואַרפן אַ בגרות-שאָטן אויף זיין געזיכט. ס'האָט בלויז נאָכמער אונטערגעשטראָכן די פרישקייט פון זיין יונגן פּנים.

אַלע דריי האָבן זיך צוגעזעצט צום טיש און אויסגעצויגן די פיס פאַר זיך, אין זייער גאַנצער לענג.

— מה נשמע ?...

איין חייל האָט גלייכגילטיק אָפּגעענטפערט דעם מפקד:

— שום דבר... גאָרניט... שטיל...

— ניט אויף לאַנג...

דער אָפיציר האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן שפּאַנען איבערן צימער. בשכנות האָט זיך געטראָגן אַן עקשנותדיק געוויין. דאָס קינד אין דערבייאיקן אַלקער האָט געיענטשעט, געאייקעט ביז לאַנגווייל. יעדער קרעכץ זיינער האָט געררייצט די נערוון, ווי אַ צעשפּאָלטענע פּאַטעפאָן-פּלאַטע.

— באַלד דאַרף קומען אהער דער שטאַב-שעף מיט עמיצן פון דער דיוויזיע, איז נאַדיר אַ קלאָגעריי. מען קאָן פון זינען אַראָפּ... קיין אַנדער וווינונג איז שוין ניט געווען אין דעם הויז? פונקט דאָ האָסטו געמוזט טרעפן? — האָט זיך דער אָפיציר געבייזערט אויפן הויכן סערזשאַנט.

יענער האָט זיך אויפגעשטעלט. זיין באַסאָווע שטימע האָט נאָך וואָגיקער געמאַכט די סיבות פון אויסקלייבן אָט דעם פּלאַץ:

— פון דעם פענצטער קאָן איין סנייפּער האַלטן דעם גאַנצן שטח. אויסער דעם שטייט דאָס הויז אויף אַ בערגל. פון דאַך כאַפּט מען מיט אַ נאַקעט אויג ביז צום הר הצופים. דער באַפעל איז געקומען אַזוי פּלוצים... מיר האָבן דאָך ניט קיין מאַפּעס, איז זאָל מען כאָטש אָנקוקן דעם פּלאַץ צו פאַרגעדענקען דערנאָך ווו אַ בוים, אַ פּלויט, זיך צו קאָנען דעקן...

— אויך אמת... אָבער דאָס קינד... מען שטערט דאָ... איז דאָרט עמיץ פאַראַן מיט אים ?...

— יאָ, עפּעס אַ סבתא. זי רעדט יידיש. מיר פאַרשטייען ניט קיין וואָרט.

דאָס געוויין האָט זיך איינגעשטילט. די באַלעבאָסטע איז

אַריין אַ פאַרדאַגהטע אין צימער. דערזען דעם אָפיציר איז זי צוגע-פאַלן צו אים:

— איר פאַרשטייט מיינע צרות? אַז קיין מאַמע איז דערביי ניטאָ. מיין טאָכטער איז אַ קראַנקנשוועסטער, איז זי אַוועק פריי-וויליק. דעם איידעם האָט מען גלייך גענומען אויפן פראָנט, און מיך האָט מען איבערגעלאָזט מיטן עופהלע... קוים אים איינגעשלעפערט...

— וואָס קאָן מען מאַכן, גברת, ס'איז מלחמה.

— יאָ, אָבער... זי האָט איבערגעריסן אין האַלבן זאָץ און שיף אָנגעקוקט דעם אָפיציר:

— זע נאָר... איר רעדט דאָך יידיש...

— פאַרוואָס ניט? איך בין דאָך פון אַ יידישער שטוב.

די באַלעבאָסטע האָט אָנגעוויזן אויף די חיילים:

— און זיי זענען, חלילה, פון גויישע שטיבער?

דער אָפיציר האָט געשמייכלט אין בערדל אַריין:

— זיי זענען אויך פון יידישע שטיבער, נאָר פון אַנדערע...

די באַלעבאָסטע האָט באַדויערט:

— אַ צייט געוואָרן. מען זאָל ניט קענען קיין יידיש... ווען מיר האָבן געוווינט אין דער אַלטשטאָט האָבן אַפילו אַראַבער גערעדט יידיש. אָט דער אַכמוד פון די אוגערקעס...

אַ שראַפּנעל האָט זיך פונאַנדערגעשווישטשעט. קיינער פון די מיליטערלייט האָט נאָך רעכט ניט באַוויזן זיך אַ וואַרף צו טאָן אויפן דיל, איז ער שוין געווען אַריבערגעפלויגן דאָס הויז און אויפגעריסן ערגעץ אויף אַ ווייט פעלד. די באַלעבאָסטע איז געשטאַנען איין אַקסל פאַרהויבן און געטאַפּט מיטביידע הענט דעם קאָפּ, די באַקן, עפּעס געזוכט אַרום זיך מיט צעפּינטלטע אויגן.

דער סערזשאַנט איז צוגעשטאַנען צו איר:

— סבתא, האָ, סבתא... איך גלייך געזאָגט למקלט... אין קעלער... מיטן ילד... דאָ ניט גוט. דאָ פּצצות... באָמבעס...

זיינע פּאָר ווערטער האָבן זי אויסגעטשוכעט. ווי אַ גאַנדז פון

וואָסער אַרויס האָט זי זיך געגעבן אַ טרייסל אָפּ פון דער שרעק און אַן אָנגעדרודלטע אָפּגעענטפערט:

— אין קעלער... במקלט... שוין געהערט די חכמה... דאָס קינד איז קוים איינגעשלאָפן, זאָל איך עס שלעפּן אין קעלער... אַז עס דאַרף טרעפן, העלפט ניט קיין קעלער... ס'איז אַלץ ביי גאָט אין די הענט...

— גברת, וואָס איז אים אייגנטלעך?

— איך ווייס? מן הסתם גייען אים ציינער, צי אפשר דאָס בייכל... כ'וואָלט געפּרוווט אים פאַרבריען אַביסל רומיאַנעק, ווען איך האָב...

אַ חייל, פאַרסאַפּעט פון לויפן אויף די טרעפּ, איז אַריינגעשפּרונגען אין צימער און מיט געאייל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז אָט, אָט, נאָך אַ רגע און ער פאַרלירט די שליטה איבער די אייגענע רייד, האָט אָפּראַפּאָרטירט:

— המפקד! דער גאַנצער ציוד איז שוין אָנגעקומען... אויך דער גדוד. בלויז איין מחלקה פעלט.

איצט האָט אויפגעלעבט די גאַנצע שטוב. חיילים האָבן געשמייעט הין-און-הער. די אַריינגאַנגס-טיר איז געשטאַנען ברייט אָפן. דער סערזשאַנט האָט פאַרשטאָפּט דעם שטרויענעם טרעטער אונטער דער טיר זי זאָל זיך ניט פאַרמאַכן. דער גאַסיקער מלחמה-רעש האָט פראַנק און פריי געוויייעט אין אַלע חדרים. דאָס קינד האָט פונדאַסניי אָנגעהויבן ציען זיין איבערגעריסענעם געוויין. די באַלעבאָסטע איז ווידער אַוועק צו אים.

דער אָפיציר איז געזעסן ביים טיש, געמאַכט נאָטיצן, אַרויסגעגעבן אינסטרוקציעס די פאַרהאַוועטע חיילים, און זיך געגריזשעט, וואָס דער האַרמידער לאָזט ניט שלאָפן דעם קליינעם נפש. ער האָט זיך געפילט שולדיק פאַר אַריינברענגען אין אָט דער קילער, אַלט-מאָדישער ירושלימער היים, וואָס די צייט איז איבער איר אַריבער און זי איז געבליבן שטיין אַזוי ווי ערשט אָנגעקומען פון אַ ישוב ביים ניעמאַן, צי ביי דער ווויליע — דעם הייסן אָטעם פון מלחמה,

אַן אויפגעצוווּנגענע אויף אים דורך די, וואָס הינטער דער הויכער מויער, קעגנאיבער דאָס הויז. אויך די אחריות פאַר זיינע באַפעלן האָט געדריקט אויף אים. באַלד וועט מען אַרויס אין שלאַכט און ווער ס'וועט צוריקקומען ווייסט מען ניט. ס'איז אַ שווערער קריג. ער וועט קאָסטן אַ סך בלוט, ווייל אים איז ניט צו פאַרלירן. די ברירה איז בלויז צו געווינען. מען מוז געווינען...

— חבצלת השרון? חבצלת השרון? — אַ חייל האָט געשריען אויף קולי-קולות אין טעלעפאָן-טרייבל.

— וואָס שרייסטו אַזוי — האָט זיך דער אָפיציר אויפגע-רעגט. — דו רעדסט מיט ניו-יאָרק?

ער האָט געוואָלט ווייטער ציען זיין מחשבה און דאָ האָט דער חייל זיך געריסן דעם האַלדז, ניט געלאָזט טראַכטן אַביסל... אויך דאָס קינד האָט זיך איבערגעוועקט און ווידער אָנגעהויבן זיין גע-יאָמער.

— ער הערט ניט... — האָט זיך דער חייל פאַרענטפערט און נאָך פאַרביסענער זיך צעשריען. — חבצלת השרון? יאָ? טינופת... פאַרוואָס ענטפערסטו ניט? האָ? אַ חמור איז דיין טאַטע!... דאָ רעדט שמשונס פוקסן... ווו איז די מחלקה?...

— זאָג אים, אַז זיי דאַרפן גלייך קומען אַהער!

— דו הערסט? תיכף קומען אַהער! אויף וואָס? אויפן ט...

— הער אויף מיט די גראָבע רייד, לעזאזל.. ווו געפינסטו זיך, אין פעלד?

דער חייל האָט אַ פאַרלוירענער אָנגעקוקט זיין מפקד:

— ער זאָגט, אַז די מאַשין צינדט ניט. מען שיקט אים אַן אַנדערע.

— ווען ער וועט אַדורכפאָרן די שטאָט זאָל ער אַראָפּשפּרינגען אין אַ געשעפט פון אַנדענקונגען פאַר טוריסטן און קויפן אַ מאַפּע פון דער אַלטשטאָט; יאָ, און טאָמער זעט ער אַן אַפּטייק אויפן וועג, זאָל ער דאָרט בעטן רומיאַנעק, בבונג, מיין איך... וואָס קוקסטו

אויף מיר מיט גלעזערנע אויגן: זאָג אים אַלץ זאָל געמאַכט ווערן אין איין מינוט!

— דער מפקד האָט באַפוילן... אַ מאַפּע... בבונג...

דער שטאַב איז פול געוואָרן מיט מפקדים. זיי זענען געזעסן אַרום דעם גרויסן חוץ-לארצדיקן טיש, און קאָאָרדינירט די פּלענער צו דער פאַרשטייענדיקער אַטאַקע. די באַלעבאָסטע האָט געקאָכט פאַר אַלעמען טיי און געפּרוווט אַראָפּלייענען פון די ערנסטע פּנימער דעם גורל פון דער מלחמה, וואָס איר טאָכטער מיטן איידעם, און אַלע יידן, זענען שותפים צו איר. זי האָט ווייך געטראָטן פון דער קיך אין שטאַב מיט די גלעזער טיי און געקרעכצט: אוי, רבונו של עולם, ס'זאָל זיך נאָר גוט ענדיקן...

די באָמבאַרדירונג איז געקומען אַלץ נאָענטער און נאָענטער. דאָס קינד האָט געוויינט און געוויינט.



...איז אויפגעגאנגען די זון צו באלייכטן א נייעם טאג אין יוני.

א טאג פון מלחמה

# א טאג פון מלחמה

און אָט איז שוין די חברה ווידער צוזאַמען. מיטן מאָמענט ווי זיי האָבן דערהאַלטן דעם מאָביליזאַציע-צעטל, זענען זיי אַלע אָנ-געקומען. ווער מיט דעם אייגענעם אויטאָ ווי, למשל, דער באַנק-דירעקטאָר שטיגליץ, ווער מיטן אויטאָבוס. אַלבערטן פון שכונת-התקוה האָט געבראַכט אויפן זאַמלפּלאַץ זיין יינגערער ברודער, מאַרסעל, אויף אַן אויפגעטערכעטן מאָטאָציקל, וועלכן ער האָט אַליין איבערגעפאַרבט אויף רויט. דערמיט האָט מאַרסעל געבראַכט אַ גרויסן קרבן פאַר צה״ל. דער מאָטאָציקל איז געווען זיין גאַנצער שטאָלץ. יעדן טאָג האָט ער געריבן פון אים דעם זשאַווער, צוגעגרייט אים פאַר די פרייטיק-צו-נאַכטסן דורכצושניידן גאַנץ דיזענגאָף-גאַס, אַזש די מויערן זאָלן אויפציטערן. איצט האָט ער געפירט דעם ברודער אויף זיין מאָטאָציקל דורך זאַמד און שטיין, וויסנדיק כמעט אויף זיכער, אַז מיט אָט דער רייזע ענדיקט זיך זיין מאָטאָציקלס אויסגעדינט לעבן.

אַלבערט האָט גוט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס יינגל טוט פאַר אים. ער האָט זיך אָנגעהאַלטן מיטביידע הענט אין מאַרסעלס דאַרע זייטן און געטראַכט דערביי, אַז ווען ער קומט אַ ביסל צו געלט, וואָלט ער אים געקויפט אַ נייע ועספּע. וואָס האָט שוין אָט דער פּיסטוק פאַר אַ פאַרגעניגנס, אַחוץ די פאָר רעדלעך. אָבער דערווייל איז ער אָן אַ פּיאַסטער. ער האָט געדאַרפט איבערלאָזן אַלץ אין שטוב, און אָנקומען צום זאַמלפּלאַץ מוז ער. ער האָט שוין אַזוי אויך גוט פאַרשפּעטיקט. ביז ער האָט זיך געהאַט איינגעבעטן ביים תפיסה-דירעקטאָר, יענער זאָל קלינגען אין ירושלים וועגן באַפרייען אים אַ חודש פריער פאַרן טערמין, כדי צו קאָנען זיך צושטעלן צו זיין איינהייט, זענען אַוועקגעלאָפן צוויי טעג. אַלבערט האָצקעט זיך

אויפן מאַטאַציקל און קייט אין זכרון די געשעענישן פון די לעצטע טעג. דער תפיסה-דירעקטאָר, ניצב שרוני, האָט לאַנג געווישט די דיקע ברילן-גלעזער, ביז ער האָט אַרויסגעפּלאַצט:

— דאָ איז אַ תפיסה, דאָ זיצט מען פון ברעט צו ברעט!

דערנאָך האָט ער געמישט דאָס פּעקל דאָקומענטן און געהייסן אים גיין צוריק צו דער אַרבעט.

אַלבערטן איז אַלץ געפאַלן פון די הענט. דער שעפינג האָט אים שיער ניט אָפּגעהובלט אַ פינגער. זינט ער האָט באַקומען פון דער היים צוגעשיקט דעם מאָביליזאַציע-צעטל, איז ער אַרומגעגאַנגען ווי שיכור. דאַכט זיך וויפל מאָל האָט ער, זייענדיק אויף דער פריי, זיך געזוכט אַרויסצודרייען פון גיין אויף די מאַנעווערס, און איצט איז ער געלאָפן אַלע ווײַלע פון שלאָסערײַ צו דער ביוראָ, פרעגן צי ס׳איז שוין דאָ אַ תשובה.

אָשרל דער קאָוונער, זיין מיטוווינער אין דער תפיסה-קאַמער, האָט אים געבורעט:

— ווּהין קריכסטו? הערסט ניט קיין ראַדיאָ? זעסט ניט וואָס דאָ טוט זיך? יעדן טאָג קאָן אויסברעכן אַזאַ דראַקע, זאָלסט ווערן אַריין צוריק פון וואַנען די מאַמע האָט דיך געהאַט. ס׳עט זיין מלחמה, פאַרשטייסט? מלחמה, דו גרינער אורקע!

ס׳איז שיער ניט געקומען צו אַ געשלעג. אַלבערט איז צוגע-שפּרונגען און אים געטיקעט מיט אַ פינגער פאַר דער נאָז:

— כ׳בין פאַר דיר ניט קיין אורקע! מיינסט אַז איך זיץ אין רמלהער תפיסה האָב איך פאַרהאַנדלט די מדינה?

— מדינה... — האָט אָשרל ביטולדיק געשיפּעט. — פאַר-קוועטשט מיך אויף דריי יאָר, ערגער ווי די גויים. אַז איך ענדיק זיצן פאַר איך אַוועק פון דאַנעט, ניט אָנצוקוקן זייערע פרצופים...

אַלבערט האָט שוין אַלעמען געטראָפן ביי דער קאָווע. מען האָט אים אויפגענומען מיט אַ הוראָ. מאַרסעל איז געשטאַנען אין אַ זייט און זיך צוגעקוקט ווי אַלע פרייען זיך מיטן ברודער. די רעזערוויסטן

האָבן אים אַרומגערינגלט, געקלאַפּט אין פּלייצע, און ביי יעדן צווייטן וואָרט געבאַבאַטשעט. איין יחזקאל, אַלבערטס שותף צו דער באַזוקע, האָט אים ניט געהאַט באַגריסט. איינגעוויקלט אין טלית, איז ער געשטאַנען שמונה-עשׂרה, געשאָקלט זיך מיט כוונה קעגן איבער דעם פּאַנצער-אויטאָ, אויף וועלכן ער האָט אָנגע-שפּאַרט דעם סידור. יחזקאל איז געווען דער איינציקער מענטש, וואָס האָט אים צוגעטוליעט מיט אַ גוט וואָרט. אַ פּאָר לירהס גע-באָרגט, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט. געוואָלט אַפילו איינאָרדענען דעם ייִנגערן ברודער אין אַ בני-ברקער ישיבה. און די גאַנצע באַקאַנטשאַפט זייערע איז דאָך געווען בלויז פון צבא, בעת מען האָט צוזאַמען די געניטונגען דורכגעמאַכט. גלייך ווי ער האָט זיך דערוווּסט פון דער צייטונג, אַז מען האָט אים, אַלבערטן, גע-מישפּט, איז ער אַוועק צו אים אַהיים און געטרייסט דער מאַמען. איז אפשר יחזקאל בייז איצט אויף אים. ווייל ניט האָבן צו טאָן מיט אַ... אַלבערטן האָט אין האַרצן געקלאַפּט: וועט ער צוגיין צי ניט?

אָבער יחזקאל איז יאָ צוגעגאַנגען. אמת, קיין האַנט האָט ער אים ניט געגעבן, אָבער בעתן אויפלייגן דעם טלית, האָט ער זיך צעשמייכלט מיט אַ ברעג מויל, אויף דער גרענעץ פון זיין שוואַרץ, געדיכט בערדל, און זיך אָפּגערופן:

— וואָס, אַלבערט? מ'עט שלעפּן די רער, האַ?

אַלבערט האָט אַ לייג געגעבןביידע הענט אויף יחזקאלס אַקסלען, ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. צום סוף האָט ער אַרויס-געפּלאַצט:

— יחזקאל, דו וועסט ביי מיר שלעפּן די באַזוקע? געדענקסט ניט פּאַראַיאָרן, ווי איך האָב זי אַריינגעשמוגלט אינעם דזשיפּ מיט די פּראָדוקטן?

— פּאַראַיאָרן זענען געווען בלויז מאַנעוורעס, היינט אָבער...

— פּאַרלאָז זיך אויף אַלבערטן, מ'עט זיך דורכדרייען.

ווידער האָט זיך עפּעס פּאַרבונדן צווישן זיי.

אַלבערט, אַן אויפגעהייטערטער, וואָס יחזקאל האָט זיך ניט

אָפּגעקערט פון אים, האָט אַוועקגעשפּרייזט איבערן זאַמלפּלאַץ צום ברודער. מאַרסעל איז געשטאַנען ביי זיין מאַטאָציקל מיט אַ פאַר-צאָגט פּנים. אַ רעזערוויסט האָט זיך געפּאַרעט ביי די הענבלען, גע-פּרוווט אָנצינדן דעם מאָטאָציקל. ער האָט געטראָטן אויפן פּעדאַל אָבער דער מאָטאָר האָט טרוקן געהוסט.

— ביסטו טאָקע געקומען אָהער אויף אָט דעם פּורפּורנעם בעט?

אַלבערט האָט צעשפּרייט די הענט:

— בחיי... ער האָט געאַרבעט... זעסט דאָך, אָט...

— איך זע. ער האָט געאַרבעט. אַ סוף, שיק דעם זשוקל וואָס גיכער אַהיים. דעם שמעלץ מוז מען איבערלאָזן דאָ. עמעץ פאַרט מיט שטיגליצעס מאַשין צום שטאָב, מען האָט זי מאָביליזירט, וועט מען אים מיטנעמען ביזן שאָסיי. ער האָט אויף אַן אויטאָבוס?

— יאָ, זיכער, אַניט גיב איך אים.

ביז אַלבערט האָט באַוויזן אויסצוטאַפּן אַלע קעשענעס האָט יענער אַריינגעשטופּט מאַרסעלן אַ צענער-לירה.

— וואַרט אַ רגע, וויקטאָר, וואָס גיסטו אים געלט?

— מ'וועט זיך דערנאָך אויסרעכענען... דער בחור דאַרף איצט זיין אין דער היים, און וואָס גיכער.

אַלבערט האָט זיך געשעמט אַרומצונעמען דעם ברודער. די הענט זענען אים פּלוצעם שווער געוואָרן. ער האָט געשטאַמלט:

— גיי, מאַרסעל, גיי. זאָג דער מאַמען, אַז גלייך ווי איכ'ל קאָנען... טאָמער זעסטו זשאַנעטן אויף דער גאַס... נו, גיי, גיי...

*

מאַרסעל איז געזעסן אין שטיגליצעס גרויסן „לאַרק" און גע-טראַכט וועגן זיין מאַטאָציקל. דער זעלנערל לעבן אים האָט גע-שמייכלט צום קאַרטאָן, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פונעם שאָפער-

רעדל. דאָרט איז געווען אויפגעשריבן מיט גרויסע שיטערע אות-יות: דערמיט בעט איך צו טוישן יעדע פופצן הונדערט קילאָמעטער דאָס אייל און צוהיטן דער ראַדיאַטאָר זאָל ניט בלייבן אָן וואַסער. מיט דאַנק — רב טוראי שטיגליץ.

מאַרסעל האָט ניט געפרעגט וואָס איז דאָס פאַר אַ געשריפטס. ער האָט געהאַט זיינע דאגות. וואָס וועט ער טאָן אָן דעם רויטן מאָטאָציקל? ווער וועט האָבן מיט אים אָן עסק אין דער שכונה? זייער שטוב איז דאָך פון די געמיינסטע אין געסל. זינט דער טאַטע האָט דאָס לעצטע מאָל אָנגעלייגט בריליאַנטין אויף זיין שעוועליורע פאַרן צעשפּאָלטענעם שפּיגל און איז אַרויס פון דער היים אויף ניט צוריקצוקומען, האָט דער דלות זיך נאָך מער איינגעביסן און גע-גריזשעט אויף אַלע ציינער. אין געסל האָט מען גערעדט, אַז דער טאַטע איז אַריבער די גרענעץ, קיין עזה. יענער האָט טאַקע פאַרן פאַרשווינדן געקלאַפּט מיטן פויסט אין טיש פון דער סאָציאַלער הילף און געסטראַשעט, אַז אויב מען העכערט אים ניט די שטיצע, וועט ער דערציילן דער גאַנצער וועלט ווי די אשכנזים, די ווּסוווּסניקעס, האָבן פאַרכאַפּט די מדינה. די מאַמע איז אַוועק וואַשן טרעפּ אין אַ גרויס הויז, זיך באַמיט די משפחה זאָל זיך ניט צעפאַלן. אַלבערטס זיצן אין תפיסה האָט זי זייער דערשלאָגן. זי האָט געוויינט אין די נעכט און ביי טאָג הויך אויפן קול, געשאָלטן דעם מאַן, דעם כלב-בן-כלב, וואָס האָט אין ארץ-ישראל געוואָלט גאַנצע טעג שפּילן שעש-בעש, ווי אין ראַבאַט, און ניט געזאָרגט פאַר די קינדער.

מאַרסעל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט געוואָלט דאָס לעצטע מאָל וואַרפן אַ בליק אויפן ברודער וועמען ער האָט איצט אַזוי מקנא געווען זיין בלייבן אין צבא. אָבער דער אויטאָ האָט זיך פאַרקערעוועט צום הויפּטשאָסיי, און די בייוועגיקע ביימער האָבן אַלץ פאַרשטעלט. מאַרסעלן האָט זיך ניט געגלייבט, אַז ער איז נעכטן געפאָרן דורך אָט דער געגנט. אינעם חושך איז ער געווען זיכער, אַז דער זאַמלפּלאַץ ליגט פאַרוואָרפן ערגעץ ווייט, צווישן

בערג און טאָלן, און אָט איז ער גאָר, נאָך צען מינוט פאָרן, געווען אין אַ יִשׁוּב מיט רויטדאַכיקע שטיבלעך און גערטנער ביי די שוועלן.

ס'איז אים אויסגעקומען לאַנג צו וואַרטן אויפן אויטאָבוס. פון לאַנגוויל האָט מאַרסעל נאָך אַנאַנד געלייענט איין און די זעלבע רעקלאַמע אויפן קיאָסק, לעבן דער סטאַציע: שפּילט אין טאָטאָ! געווינסן ביז הונדערט טויזנט לירהס! די קומענדיקע ליגע-פאַרמעס-טונגען — מאָנטיק, דעם פינפטן יוני...

*

אַלבערט האָט זיך ניט געקאָנט אָנעסן זאַט מיט דער פרייהייט. דאַכט זיך, פאַר די טעג, וואָס ער איז אין מיליטער-לאַגער, האָט שוין אַלץ געדאַרפט זיין וואָכעדיק פאַר אים, ווי פאַר די איבעריקע רעזער-וויסטן; אָבער ער האָט אַן אויפגערוימטער געשפּרייזט איבערן פעלד. די אַנדערע האָבן געהויבן מיט די אַקסלען. וואָס איז די גדולה אויף אים? שוין באַלד צוויי וואָכן ווי מען האָט זיי דאָ אויפגעזאַמלט, און קיינער ווייס ניט אויף וואָסער וועלט מען איז. דאַרף זיין מלחמה, טאָ זאָל זי זיך שוין אָנהייבן. דאַרף ניט זיין — זאָל מען אָפּשיקן אַהיים. יעדער טאָג האָט געבראַכט אַנדערע נייס. זיי זענען גע-שטאַנען, די רעזערוויסטן, אין גרופּעס און געפּרוּווט טרעפן וואָס וועט זיין ווייטער. ביז וואָס-ווען האָבן יונגע סערזשאַנטן, ערשט פון די קורסן אַרויס, קאָמאַנדעוועט מיט זיי, געפירט זיי אויף איין און די זעלבע געניטונגען און געפאָדערט אַפילו מען זאָל זיך לערנען גראָבן אָקאָפּעס.

ווי אַ ריזיקער, אָנגעשפּאַנטער בויגן, האָבן די מענטשן געוואַרט אויפן באַפעל צום אַרויסמאַרש. און יעדן טאָג האָט די סטרונע נאָכ-געלאָזט. אָט שטייט שטיגליץ, אַרומגערינגלט מיט סאָלדאַטן, און ווייזט זיי אויף, שוואַרץ אויף ווייס, אַז קיין מלחמה וועט ניט זיין,

ווייל ווען יאָ, וואָלט מען שוין לאַנג אויסגעליידיקט די בענק. און דאָ גיט מען איבער, אַז ס׳איז רויק. אַלץ גייט כּשורה, דער אויסערן-מיניסטער... ער׳ט אַליין געהערט...

אַלבערט איז געשטאַנען אַ האַלב-נאַקעטער ביים וואַשבעקן און זיך אונטערגעגעבן דער זון. זי האָט נאָך ניט באַוויזן, אין די ערשטע יוני-טעג, זיך בייז צו צעשפּיזלען אויף דער וועלט. אירע שטראַלן האָבן נאָך ניט געריסן קיין שטיקער הויט, ווי אין מיטן זומער, נאָר בלויז געטריבן מיט אַ הייסער דלאָניע גיכער דאָס בלוט אין די אָדערן. דערצו נאָך איז ער געוועזן אויסגעבענקט נאָך איר. איז ער געשטאַנען מיטן האַנטעך אין האַנט און געזשמורעט די אויגן אויפן מיליטער-לאַגער. אינעם דורכגאַנג צווישן די צוויי רייען געצעלטן האָבן זיך געדרייט אַלטע באַקאַנטע. אָט גייט וויקטאָר, וואָס אינעם אָפּטייל רופט מען אים וויקטאָר פון די מעלאַנכאָלנע, ווייל ער אַרבעט אין בת-ימער משוגעים-הויז. יעדער מאָל ווען מ׳האָט אים גערופן צו די געניטונגען האָט ער געשריען, אַז ער קאָן ניט איבערלאָזן דעם אַנשטאַלט. אָן אים וועלן דאָרטן די קראַנקע אויף אַן אמת משוגע ווערן. לעבן אים טאָפּטשעט ווי אין אַ טיפער בלאָטע, טשיבע, דער אויבסטהענדלער, וואָס שפּאַרט אָן מיט זיין וועגעלע ביז די שענסטע תל-אביבער גאַסן און פּאַרלויבט דאָרט אויף קולי-קולות זיין סחורה. חברה חוזקן פון אים, אַז ער לאָזט ניט אַרויס דאָס ווייב פון טראָגעניש, ווייל מיט דעם תירוץ קאָן ער זיך אַרויסדרייען פון די פּאָר וואָכן רעזערוודינסט. אין איין עק לאַגער שטייט נאָך אַלץ שטיגליץ און טענהט אַריין אין יחזקאלן, אין אַבראַשען דעם פּאַר-טיזאַן, אין שמעון אַלבו, דעם בינע-אַרבעטער. שטיגליץ האָט זיך צוגעשטעלט צו די געניטונגען אַ מאָל אין אַ יובל. ווען מען רופט אים איז ער ס׳רוב אין חוץ-לארץ. דאָס לעצטע מאָל איז ער געקומען צו פליען פון די ערשטע. אַזוי טשיבי, אַזוי וויקטאָר, אויך אַלבו, וואָס פלעגט טענהן, אַז מען רופט אים תמיד, ווי אויף צו-להכעיס, פאַר אַ פּרעמיערע.

איצט אָבער, זענען אַלע געקומען צו לויפן. ווייזט אויס, אַז זיי

האָט, פונקט ווי אים, פּלוצעם עפּעס אויפגעריירט. וואָס קאָן דאָס זיין? אַלבערט האָט באַשלאָסן צו ריידן וועגן דעם מיט יחזקאלען. יענער האַלט אַ ספר אין האַנט, וועט ער זיכער וויסן...

*

— אויף וועמען האָסטו איבערגעלאָזט דעם וואַרשטאַט?

— ס'איז צוגעמאַכט. סיי-ווי איז ניט געווען קיין אַרבעט. כ'האָב אָנגעגרייט אַ פּאַרטיע טירן מיט פענצטער פאַר אַ בנין, אָבער ווייסט דאָך, די לעצטע צייט האָט זיך אַלץ אָפּגעשטעלט. נו, דערפאַר האָסטו גאָר אַ סך אויפגעטאָן. איי, אַלבערט, אַלבערט...

— שוין פאַרפאַלן, ס'איז אַוועק.

— ס'איז טאַקע אַוועק, אָבער ס'האָט געקאָסט פיר חדשים תפיסה. פּשוט, האָסט פיר חדשים ניט געלעבט, און ביטול-לעבן איז נאָך מער זינד ווי ביטול-תורה.

— יאָ, יחזקאל, דיר איז גוט צו ריידן. פאַר דיר איז אַלץ קלאָר. איך בין אָבער ניט אַזוי געלערנט ווי דו. איך ווייס בלויז, אַז ווען מען גייט אַהיים נאָך אַ לאַנגן טאָג אַרבעט, און מען זעט זיצן די אַלע ווילע יונגען, די באַנדערס, אויסגעפּוצט ביי סדונען אין קאַפע, קאָכט דיר אויף די נשמה. האָב איך אויך געוואָלט.

— זאָל דיך גאָט אָפּהיטן פון אַזאַ ווילן, אַלבערט. ס'איז ניט דיין וועג. איך קען דיך. דיך פּייניקט דאָס געוויסן און יענע דאָרט, אין קאַפע, וואָס דו ביסט זיי אַזוי מקנא זייער נבזהדיק לעבן, זענען בשלימות מיט זיך אַליין. יעדער באַשעפעניש מוז גיין זיין טראָט. מען שפּאַנט ניט איין אַן אייזל אין אַ קאַרעטע, און אַ רייטפערד אין אַן אַרבע.

— שוין, לאָז עס אָפּ. האָסט עפּעס געהערט אין לאַגער? מען ווייס? וויקטאָר האָט מיר געליען צען לירהס, אויב פון רחמנות... איך דאַרף ניט.

— וואָס איז דאָס איצט וויכטיק? איכ׳ל אים באַלד צוריקגעבן. מען שטייט פּאַר אַזאַ צייט און דו מיט דאָס דייניקע.

— אָט האָב איך דיך עפּעס געפרעגט, ניט וועגן מיר, און דו ענטפערסט מיר אויך ניט.

— ווייל ס׳איז ניט אַזוי פּשוט. ווי איך האָב געקענט, האָב איך דיר געענטפערט. וואַרט... און אפשר... און אפשר האָט יעדער ייִד אין האַרצן אַ גלעקעלע. בעת אַ סכנה קומט אַ מלאך, צי אַן עלטער-זיידע, אַ טאַטע אַן אומגעבראַכטער, איך ווייס אַליין ניט ווער, און ער גיט אַ צי פאַרן צינגל, לויפן זיך אַלע צונויף, ווי אויף אַ שׂריפה.

— וואָס מיינסטו, ס׳עט זיין מלחמה?

— ס׳וועט זיין, אָבער אַ מלחמה אָן צייגקריצעניש. מיר וועלן דאַרפן שיסן אין מענטשן, וואָס ווייסן ניט צוליב וואָס מען האָט זיי געשלעפּט אויפן פראָנט. ס׳וועט אונדז אויך קאָסטן גענוג לעבנס, אָבער מיר האָבן ניט קיין ברירה. אַז דער רשע האָט זיך גאָר פאַר-נומען אונדז חרוב צו מאַכן, פאַרשטייסט. אַלבערט? ער גייט אונדז פאַרלענדן!

— יחזקאל, וואָס שרייסטו אַזוי, וועסט דאָך אויפוועקן דעם גאַנצן לאַגער.

— הלוואַי וואָלט איך געקאָנט די גאַנצע וועלט אויפוועקן. ווי מיין לאה האָט עס אַ צעציטערטע איבערגעפרעגט: שוין ווידער? און דער אוישוויץ-נומער אויף איר האַנט האָט מיר געשווינדלט פאַר די אויגן.

— יחזקאל, באַרויק זיך, זע ווי דו שווידערסט.

— ס׳איז עפּעס קיל געוואָרן.

— שוין שפּעט. לאָמיר גיין שלאָפן.

דער חצן האָט געטרעשטשעט אונטער זייערע פיס, אויפן וועג צום געצעלט. דאָ און דאָרט האָט אַ בעטל געקרעכצט אונטער אַ שווערן גוף. עמעץ האָט געברומט האַלבע ווערטער, אַ העלם איז אַראָפּגעפאַלן מיט אַ טויבן קלאַפּ.

אַלבערט איז באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן. ס׳האָט זיך אים גע-

חלומט ווי ער שטייט ווידער מיטן וויטריך פאַר דער טיר פונעם האָטעל-צימער און פּאָרעט זיך ביים שלאָס; אָבער דאָס מאָל וואַרפט זיך ניט אויף אים אַרויף דער ווינדע-באַדינער ווי אַ זאַק מעל. ער עפנט פּאַוואָליע די טיר. אונטער אַ גרויסן פענצטער, דורך וועלכן מ׳זעט דעם ים, אַ צעגאָסן שטיק ליכט, שטייט אַ ריזיק בעט. ער ווייס, אַז ער׳ דאַרף גיין צו דער שאַפע. אָבער אויפן בעט ליגט אַ נאַקעטע זשאַנעט. אירע ברוסטוואַרצלען שלאָגן אין דער הייך. ער זעט דייטלעך דעם לענגלעכן שניט פון איר נאָפּל אויפן פלאַכן בויך. די פיס, שפּיציק פאַרבייגן אין די קניען, האָט זי אָפּגעוואָרפן פון זיך. דאָס פּנים אירס איז פאַרשוווּמען אונטערן דינעם פענצטער-פאָרהאַנג, וואָס ווייעט הין-און-הער. אַלבערט פילט דורכן שלאָף אַ היץ אין רוקן. די מוסקולן שטייפן זיך אָן. ער נעמט אַרום זשאַנעטן, דריקט זי צו זיך, וויל זיך איינגראָבן, ווערן מיט איר איינס. ער פאַרקראַמפּט ביידע הענט אין אירע בריסט. אירע פיס רייבן זיך שאַרסטיק אָן זיינע האַרטע שענקלען. דאָס חיות אַנטלויפט פון אים. אַנטלויפט. אַנטלויפט.

— אַלבערט! אַלבערט! הייב זיך שוין אויף!

ער האָט קוים דערקענט אינעם שיין פונעם טאַשנלעמפּל אַבראַשען דעם פּאַרטיזאַן.

— ס׳איז אָנגעקומען אַ באַפעל. מען רירט זיך. טו זיך אָן.

אין איין רגע האָט זיך אַלבערט אויסגעטשוכעט און גענומען אַרויפציען די הויזן. ווען ער איז אַרויס פון געצעלט האָבן שוין אויפן זאַמלפּונקט געבלינצלט די לאָמפּן פון די פּאַנצער-אויטאָס.

*

— ווּ זענען מיר?

— אין אויסלאַנד...

אַבראַשע דער פּאַרטיזאַן איז געזעסן אויף אַ זאַמדבערגל מיטן

געוויער צווישן די קני. שטיגליצן איז ניט געפעלן אַבראַשעס תשובה, כאָטש ס'איז טאַקע געווען אַזוי. ער האָט דאָך אַליין געזען ווי זיי זענען אַדורכגעפאָרן דעם שוואַרץ-ווייסן ציגל-קאַנוס, וואָס האָט באַצייכנט די גרענעץ; אָבער אים האָט זיך געדוכט, אַז דער חוזק איז אויף זיין, שטיגליצעס, חשבון מחמת די אָפּטע רייזעס. האָט ער אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ און גענומען ציען די לעצטע טראָפּנס פון דער פּעלדפלאַש. דאָס האָט קוים געסטייעט אַראָפּצולעקן דעם זאַמד פון די ציין. בעטן ביי עמעצן אַ ביסל וואַסער האָט ער זיך געשעמט. די גאַנצע צייט האָט ער אָן אויפהער זיך געכאַפּט צום פלאַש. און וואָס מער ער האָט געטרונקען, אַלץ מער האָט אים געדאַרשט, ווי ביי אים אין בויך וואָלט אַ שדל געזעסן און אַ צעכיכעטער פון צולהכעיס-פרייד געזשליאָקעט דאָס וואַסער. פון שטיגליצן איז אַוועק דער הומאָר. די אונטערוועש האָבן אים געריבן, ווי זיי וואָלטן געווען אויפגענייט פון שמערגל-פּאַפּיר. ער האָט זיך ניט געקאָנט קיין אָרט געפינען.

— אדון שטיגליץ, איז זע, אַז איר דרייט זיך, ווי איר וואָלט געהאַט צוויי הויטן. טוט וואָס איך האָב געטאָן, וועט אייך ווערן לייכטער. גייט צו דאָרט, ניין, אָט דאָרט, הינטערן טאַנק, טוט זיך אויס, לייגט אויס די מלבושים, זיי זאָלן זיך אויסטריקענען פונעם שווייס. נאָט אייך אַ ביסל וואַסער, פרישט זיך אָפּ, ווי אין חומש שטייט, יקח נא מעט מים ורחצו רגליכם...

— אַ דאַנק יחזקאל, אַ דאַנק...

שטיגליץ איז געשטאַנען אַ נאַקעטער הינטערן טאַנק. דער מידבר האָט זיך געצויגן ווייט, ווייט ביז די סאַמע טויערן פון באַשאַף. זאַמדיונעס זענען געלעגן פאַרחלשטע אין זייער צעכוואַליעטקייט און געוואַרט אויף דער קילקייט פון דער נאַכט, אפשר וועלן זיי קאָנען, מיט נייע כוחות, זיך צושלאָגן צו אַ ברעג. דערווייל האָט יעדער זעמדעלע פאַרגראָבן טיף דאָס קעפּל, איבערצוואַרטן די היץ.

שטיגליץ האָט זיך דערפילט אין אָט דער צעפלאָסנקייט אַ פאַר-

לווירענער, קליין און אומבאהאָלפן. די זיכערקייט, וואָס ס׳האָט אים געגעבן דאָס געלט און זיין אָרט צווישן מענטשן, איז פאַרשוווּנדן אין אַנבליק פון אַזאַ שטיק ליידיקער וועלט. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט אינעם טאַנק און גענומען גיך זיך אָנטאָן.

— כדי איר זאָלט געניי פאַרשטיין אייער אויפגאַבע, וועל איך אייך אָנצייכענען דעם אַלגעמיינעם פּלאַן פון דער קומענדיקער שלאַכט. לויטן רעגולאַמין איז גענוג אַ זעלנער זאָל וויסן וואָס ער האָט צו טאָן אויף זיין אָפּשניט. אָבער אין דעם פאַל ליגט אַ באַזונדערע אחריות אויף אייך. דעריבער וועל איך אייך אַלעמען באַקענען מיט דעם גאַנג פון דער אויפגאַבע, וואָס דער שטאַב האָט פאַרטראַכט, כדי איינער זאָל ערב זיין פאַר דעם אַנדערן.

די היץ האָט געהאַט אַ ביסל נאָכגעלאָזט. דער צווייטער האַלבער טאָג האָט געבראַכט אַ ווינטעלע, אמת, אַ מעליקן אַזאַ, וואָס האָט פאַרשאָטן די וויעס, די ברעמען, אָבער דאָך אַ טרייסט אין דער חמימה. די זעלנער האָבן זיך אויסגעזעצט אין אַ האַלבקרייז אויפן זאַמד, קעגן איבער דעם מפקד פון גדוד, וואָס איז געשטאַנען צוזאַמען מיט די ראָטע-קאָמאַנדירן. דער טיפער ערנסט, פאַרקריצט אין זיין פּנים, די געמאָסטענע רייד, דער אָפּקלייב פון ווערטער — דאָס אַלץ האָט עפּעס ניט געפּאַסט צום יוגנטלעכן גוף, צו דעם אָפענעם, לויטערן בליק, וואָס האָט אַרומגענומען דעם זעלנערשן צונויפקום.

— איך מוז אייך זאָגן דעם אמת. די צוזאַמענשטויסן, וואָס די דיוויזיע האָט געהאַט ביז איצט, זענען אַ קינדערשפּיל קעגן דעם, וואָס עס דערוואַרט אונדז. אונדזער ציל איז איינצונעמען די באַפעסטיקונג אַבו-עגילה. אין דער סיני-אַקציע פון יאָר ניינצן זעקס און פופציק איז צה״ל מיט בלוט אָפּגעגאַנגען, און אַבו-עגילה ניט איינגענומען. די מצרים האָבן דעם אָרט נאָך מער פאַרשטאַרקט. זיי האָבן דורכגעגראָבן דריי טראַנשעען, איינע הינטער דער אַנדערער. איטלעכע טראַנשעע איז ביי אַ פיר קילאָמעטער לאַנג. ביי

די ברעגן זייערע שטייען בעטאָן-בונקערס מיט שווערן מאַשין-געווער. פאַר דער פאַרטיידיקונג פון אַבו-עגילה האָבן די מצרים צוגעטיילט נײַנציק טאַנקען און זעקס אַרטילעריע-באַטאַליאָנען. אַחוץ אַ דיוויזיע פוסגייער-מיליטער און עטלעכע אַנטיטאַנק-גרופּעס. די באַפעסטיקונג וועט געשטורעמט ווערן פון אַלע זייטן מיט דעם גאַנצן כוח פון אונדזער אַרטילעריע, טאַנקען און אַ פּאַראַשוטיסטן-דעסאַנט, וואָס וועט דאַרפן צעשטערן די פײַנדלעכע האַרמאַטן-פּאָזיציעס. איר וועט אַטאַקירן די טראַנשעען פונעם צפונדיקן פלאַנק. דערמיט וועט איר העלפן די מינירער-אָפּטיילונגען דורכצוקעמען די דערבײַיקע מינעפעלדער, אונדזערע טאַנקען זאָלן זיך קענען דורכרייסן צו די צענטראַלע פאָרטיפיקאַציעס. דעם אָנגריף וועלן מיר אָנהייבן היינט בײַ נאַכט. די מצרים זענען ניט געוווינט צום קאַמף אין דער פינצטער און פנים-אל-פנים. אין דעם פאַל האָבן מיר די איבערהאַנט; אָבער ס'וועט זײַן אַ שווערע שלאַכט. אַבו-עגילה מוז אײַנגענומען ווערן כדי צו עפענען דעם וועג קיין איסמעילה, צום קאַנאַל. וואָס גיכער מיר וועלן דאָרט זײַן, אַלץ ווייניקער קרבנות וועלן פאַלן פון בײדע זייטן. איר, די פוסגייער-אָפּטיילונגען, וועלן אין אַ גרויסער מאָס דעצידירן וועגן אויסגאַנג פון דער גאַנצער אָפּעראַציע. די דיוויזיע האָפט אויף אײַך. גייט און זײַט מצליח.

*

אַבראַשע האָט אויסגעשפּרייט אַ שטיק ברעזענט פאַר זײַנע פיס און זיך גענומען רייניקן דאָס געווער. ער האָט אָפּגעשרויפט די לופע, אַרויסגענומען דעם שלאָס, די שפּרינגפעדער. אַלע שרויפן, וואָס פעסטיקן די קאָלבע צו דער מאַגאַזין-לאָזשע, אויסגעסדרט אַלץ אויפן ברעזענט און אָנגעהויבן שמירן מיט אייל יעדן טייל באַזונדער.

— קיין אַנדערע דאגות האָסטו ניט, נאָר דאָס שטיק אײַזן זאָל

זיין אויסגעפּוצט? איך האָב שטיין אַ פולן וועגעלע מיט סחורה. ס'וועט אַלץ פאַרפוילט ווערן. דאָס ווייב ליגט אין בית-חולים, די קינדער אויף די שכנים איבערגעלאָזט, און באַלד...

— און באַלד וועט זיך עס אָנהייבן, און דו האָסט גאָר אין קאָפּ דעם זאַק עפּל. איי, טשיבע, טשיבעלע, מיינסט אַז נאָר דו האָסט אַ ווייב מיט קינדער? אָבער ווען מען לויפט אין אַטאַקע, האָט מען בלויז איין דאגה — דער אויטאָמאָט זאָל דיר דינען. דו זעסט? אָט איז ער גערייניקט, געאיילט פון אַלע זייטן, אָבער די מחשבה, אַז ער קאָן זיך פאַרהאַקן פונקט דעמאָלט, ווען דו וועסט אים באַדאַרפן, טרייבט אַרויס פון קאָפּ די ווייב מיט די קינדער, די שענסטע גע-ליבטע. אָנשטאָט זיי אַלעמען דריקסטו צו דער ברוסט אָט דאָס שטיק אייזן. עפּעס נענטערס האָסטו ניט אין מדבר. זאָלסט געדענקען וואָס ס'האָט דיר געזאָגט אַן אַלטער פּאַרטיזאַן. און איצט, אויב דו רעדסט נאָך אַ וואָרט, רייניק איך אויס דיין פּלינטע און ס'וועט דיר קאָסטן אַ פלאַש קאָניאַק.

טשיבי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איז אַוועק זוכן אַ פּלאַץ ווו זיך אויסצוציען. שטיגליץ, אַלבו און וויקטאָר זענען געלעגן אונטערן אויטאָ מיט די גראַנאַטן. דאָרט האָט דער זאַמד-שטויב ניט געיאָגט אַזוי.

יחזקאל און אַבראַשע האָבן זיך איינגעמאַשטשעט צווישן צוויי פּאַנצער-מאַשינעס. ביידע האָבן זיי אויסגעטאָן די העלמען און צוגעמאַכט די אויגן. אין זייערע מחשבות האָבן זיי געפּרוּווט דערזען וואָס עס דערוואַרט זיי היינטיקע נאַכט. יעדער פון זיי האָט געזוכט זיך מתייחד צו זיין מיט זיך אַליין, כדי שפּעטער צו קאָנען אַנטקעגנ-לויפן, אַקסל צו אַקסל, דער סכנה.

דאָס שווייגן האָט אָנגעהויבן דריקן אויף זיי. די צערודערונג ערב דער שלאַכט האָט ניט געלאָזט זיין אַ רגע מער מיט זיך אַליין.

— ...זענען אַלע געשטאַנען ביי דער גרוב, און די מאַמע האָט מיך געהאַלטן אַזוי פעסט פאַר דער האַנט, אַז ווען אַ געטראָפענע פון די קוילן, איז זי אַראָפּגעפאַלן פון וואַל, האָט זי מיך מיטגע-

שלעפּט מיט זיך. ביז ביי נאַכט בין איך געלעגן באַגראָבן צווישן טויטע. דערנאָך בין איך אַרויסגעקראָכן און זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד. פון גרוב האָבן ניט-דערשאָכטענע זיך געצויגן מיט די הענט צום הימל, גערופן גאָט ער זאָל זיי העלפן שטאַרבן. און איך בין געזעסן און געוואָיעט צו דער לבנה אַ וועלפישן געוויין. ווי אַ חיה בין איך געקומען אין וואַלד. מען האָט זיך געשראָקן פאַר מיר.

— טאַקע אַ נס, אַ נס פון גאָט, אַז דו ביסט פון דאָרט אַרויס.

— ניט דאָס איז דער נס, יחזקאל, דאָרט איז גאָר גאָט דערביי ניט געווען. דאָרט האָט דער אשמדאַי פראַנק און פריי געהוליעט. זע, יחזקאל, איך בין אַ קינד פון טויטנגרוב. זי האָט מיך צוריק געבוירן. פון פאָנאַר ביז דער מדינה איז אַ לאַנגער וועג. טויזנטער פאַרשניטענע האָבן אים געפּלאָסטערט. אויב פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט, איז די מדינה זיין איינציקער נס. דער נס פון האָבן אַן אָרט וווּהין צו קומען. צו פאַרטיידיקן אָט דעם אָרט — גרייט איך מיין געווער.

אַבראַשע האָט זיך אויפגעשטעלט און ווייט אַוועקגעשפּאַנט דורך די זאַמדן. ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צו דער פאַרגייענדיקער זון. זיין אייגענער שאָטן האָט אים פאַרשלונגען.

אַלבערט, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ זייט, האָט זיך צוגערוקט צו יחזקאלען.

— וואָס איז ער געווען אַזוי צעטראָגן, אַבראַשע? וואָס האָט ער דערציילט?

— וואָס האָט ער דערציילט? פונעם יידישן גורל.

— וואָס הייסט?

— אַן אַנדערש מאָל, אַלבערט, כ׳וועל דיר אַ מאָל דערציילן.

— ער האָט אויסגעזען זייער איבערגענומען, בלייך. כ׳האָב געמיינט, אַז איר רעדט וועגן... וועגן היינטיקער נאַכט.

— ניין. ער איז צו דעם געוויינט. אַ פּאַרטיזאַן געווען.

— יחזקאל, דו ווייסט? און איך... איך האָב מורא.

— אַלע האָבן מורא. — יחזקאל האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט

אויף אַלבערטס קני — גובר זיין דעם פּחד קען מען מיט אויפהערן טראַכטן בלויז וועגן זיך אַליין. דאָס דאַרף זיין דיין ערשטער נצחון, און ווייטער, איז ווי גאָט וועט געבן.

*

די נאַכט האָט געבונדן דעם מידבר מיט שוואַרצע שטריק. זיין זאַמדיקער גוף איז רויק געלעגן פאַרקניפּט אינעם חושך. בלויז דאָ און דאָרט האָט אַ בערגל געזוכט זיך אַרויסצורייסן, איבערשניידן די פינצטערניש מיטן שאַרף פון זיין ראַנד. אויף אָט די זאַמד-בערגלעך זענען געלעגן פאַרטייעט די זעלנער. זיי האָבן געוווּסט, אַז הינטער זיי שטייען טאַנקען גרייט צום שטורעם. אויך די אַרטי-לעריע, האָבן זיי געוווּסט, האָט פאַרנומען אַ פּאָזיציע ניט ווייט. דאָך האָבן די זעלנער, פונאַנדערגעוואָרפענע איבערן זאַמד, זיך געפילט אָפּגעריסן פונעם הינטערלאַנד, אויסגעשטעלט אויף זיך אַליין. ס'האָט זיך זיי אויסגעדוכט, אַז אַלע האַרמאַטן אין אַבו-עגילה צילן בלויז אין זיי. הינטער שטעכלדראָט-פאַרצוימונגען און טיפע בלינדאַזשן האָט געוואַרט אויף זיי דער שׂונא, מן-הסתם, אויך מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם.

די זעלנער האָבן זיך געהאַט צונויפגעגאָסן מיט דער אַרומיקער שטילקייט און געלויערט אויף אַ מינדסטן ריר פון אַנטקעגן איבער. און פּלוצעם, ווען זיי האָבן צום ווייניקסטנס זיך געריכט, האָט אויפ-געלויכטן דער גאַנצער שטח. די שלאַכט האָט זיך פונאַנדערגעפלאַ-קערט, ווי דער באַפעל צום קאַמף וואָלט ניט געלעגן אויפן שטאַב-טיש, נאָר אין די האַרמאַטן-לופעס, וואָס האָבן ניט אויסגעהאַלטן די שפּאַנונג. זיי האָבן עס טאַקע די ערשטע זיך אָנגעהויבן איבער-רופן אויף זייער טייוולאַנישן לשון מיט דער פיינדלעכער אַרטי-לעריע. און אָט יאָגן שוין טאַנקען, ווי צעווילדעוועטע העלפאַנטן, מיט די שטאָלענע קייטן אין טיפן זאַמד, און זייערע שנוקעס שפּריצן שטראָמען חורבן. ברענבאָמבעס צינדן אונטער דעם הימל, פאַרבן

אויף רויט אָט דעם גאַנצן גהינום. מאַשין-געווער פוןביידע זייטן פּראַנט שטעפּן דאָס מלחמה-קלייד פון שטיקער צעריסענע גלידער. אַ זעלנער כריפּעט: כ'בין געטראָפן. און שוין קרעכצט אים אַ צווייטער אַריבער: אמא, אמא. די קאַנאָנאַדע פאַרשלינגט אַלע קולות. מען הערט בלויז דעם געשריי-באַפעל פון די קאָמאַנדירן: נאָך מיר! נאָך מיר! און ריזיקע שייטער-הויפנס באַלייכטן זיי דעם וועג צו די פיינדלעכע פּאָזיציעס. רויך און שטויב וויקלען זיך געדיכט אַלץ העכער און העכער. זעלנער פאַרלירן איינער דעם אַנדערן אינעם געלאָף און געפינען זיך צוריק ביים פאַלן אונטער די קוילן פון די רוסישע גוריאַנאָוו-פּולעמיאָטן. אַ טאַנק שטייט אין פלאַמען. איינער פון דער מאַנשאַפט פּרוווט מיט פאַרקוילטע פינגער זיך אָנכאַפּן אינעם ראַנד פונעם טורעם. אָט איז ער שוין ביזן ברוסט אויף דער פריי, נאָך איין צי אַרויף, און... אַ בראַנדכוואַליע פאַרשווענקט אים און דערטרינקט אים אין פייער.

די ערשטע זענען דערלאָפן צו די שוצגראָבנס אַבראַשע, שטיגליץ, וויקטאָר און עטלעכע יונגע זעלנערס פון רעגולערע אָפּטיילונגען. די אַנדערע האָבן זיך צעשאָטן פאַזע וואַל. בלויז טשיבי איז געבליבן ביי די דראָט-פאַרצוימונגען. אַ שראַפּנעל האָט אים צעפּיצלט ביידע פיס. אַלבו איז צוגעפאַלן צו אים, געוואָלט העלפן, אָבער יענער האָט אים געשטופּט פון זיך, עפּעס געכאָרכלט, אים אָנגעוויזן מיט אַ האַנט אין דער ריכטונג פון די טראַנשעען, און אַליין זיך איינגעקאָרטשעט, פאַרבויגן דעם קאָפּ צו די קני.

אַבראַשע האָט אויף בלינד אָנגעהויבן שיסן. אַלע פנימער פון די מצרישע זעלנערס, אונטן אין די אָקאָפּעס, האָבן זיך צונויפגעגאָסן ביי אים אין איין פאַרעמלאָזער צורה. ביז ער האָט זיך אָנגעהויבן אָריענטירן אויף יעדן באַזונדער, איז ביי אים אַוועק אַ גאַנצער מאַגאַזין קוילן. יחזקאל האָט זיך אַנידערגעוואָרפן הינטער זיין מאַשינביקס און באַשאָסן די טראַנשעע. אינעם שיין פון דער שריפה אַרום האָט ער געזען אַלבערטן אַריינשפּרינגען אין אָקאָפּע מיט אַ גראַנאַט אינעם אויפגעהויבענעם פויסט. איין אויגנבליק האָט

יחזקאל אויפגעכאַפּט ביים מצרישן זעלנער מיט די ברייט אויפגע-
ריסענע אויגן אַ מין אומגלויבן, אַז ווי קאָן דאָס אַלץ זיין, אַז...
יחזקאל האָט פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין זאַמד. ער האָט מער פאַרויס-
געפילט, ווי געהערט די דעטאָנאַציע פון אויפרייס.

ווען יחזקאל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אין אין טראַנשעע
שוין קיינער ניט געווען. לענג-אויס דער אָקאָפּע איז נאָך אַלץ
אָנגעגאַנגען דער קאַמף. ס׳האָבן זיך צו אים דערטראָגן אָפּגעהאַקטע
געשרייען, האַנטגראַנאַט-שיפּערייען און צעקאַנירטע סעריעס פון
אויטאָמאַטישן געווער. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ נעם געטאָן
דעם וואָפן און אַוועקגעאיילט נאָך די אַנדערע. אין דער נאָענט
האָט אויפגעריסן אַן אַמוניציע-לאַדונג. שראַפּנעלן זענען זיך צע-
פלויגן ווי פייערווערק. אַ הייסער ווינט האָט אַ ריס געטאָן ביי
יחזקלען די מאַשינביקס און אים אומגעוואָרפן צו דער ערד. ער
האָט געוואָלט אויפשטיין, און ניט געקענט. האָט ער געפּרוּווט זיך
אָפּשפּאַרן מיט ביידע הענט פונעם באָדן, אָבער זיי האָבן אים ניט
געדינט. ער איז געבליבן ליגן אויפן וייכן זאַמד אין זיין אייגן,
וואַרעם בלוט.

*

די גרויע שעה פאַרן זונאויפגאַנג האָט אויסגעוויקלט דעם
מידבר פונעם טונקל. די שלאַכט איז שוין געווען אַריבער. אירע
סליאַדן — פאַרסמאַליעטע שטיקער זאַמדקאָרע האָבן זיך געצויגן
צו די באַפעסטיקונגען פון אַבו-עגילה. טאַנקען מיט צעפליקטע
אינגעווייד האָבן האַלב געזונקען אין דער ערד. איבערן גאַנצן
שטח, ביז דאָס אויג האָט געכאַפּט, זענען געווען צעוואָרפן שטאָ-
לענע גלידער פון כל-מיני געווער: פאַנצער-אויטאָס, פאַרברענטע
ביזן ביין, סנאַריאַדן-גילזעס און שטיקער טשוגון. בלויז די האַרמאַטן
האָבן ניט אויפגעגעבן, זיך נאָך אַלץ געריסן מיט ליידיקע לופעס
צו דער שלאַכט, וואָס איר סוף איז שוין לאַנג געווען געחתמעט.

יחזקאל איז געלעגן אינעם בונקער, ווו מען האָט אויפגעזאַמלט די פאַרווונדעטע. ביים טראָגבעטל זענען געשטאַנען אַלבערט און אַבראַשע. איידער זיי זענען אַריין צו אים, האָט אַלבערט געפרעגט דעם סאַניטאַר וועגן יחזקאלען. יענער האָט טרויעריק געזאָגט:

— דער גאַנצער בויך איז ביי אים געעפנט. אַ באָמבע-שפּליטער. אַ סך בלוט פאַרלאָרן.

אין משך פון דער נאַכט האָט זיך יחזקאל אַזוי געביטן, אַז ווען ניט דאָס בערדל וואָלטן זיי אים קוים דערקענט. דאָס פּנים אויסגעצויגן, די באַקן איינגעפאַלן, די נאָז, דער אונטערקין מאָדנע פאַרשפּיצט און אַרום די אויגן טיפע שאָטנס. ער האָט זיך כסדר געכאַפּט פאַר דער לינקער זייט און שטיל געקרעכצט.

— יחזקאל, זאָג, ווו טוט דיר וויי? וואָס דאַרף מען טאָן?

— גאָרניט, אַלבערט, גאָרניט, אַ ביסל וואַסער, וואַסער.

— דער סאַניטאַר זאָגט, אַז דו טאָרסט ניט טרינקען.

— אַ טראָפּן בלויז.

אַבראַשע האָט אים צוגערוקט צו די ליפּן דעם אַלומינעוון קאָפּסל פון זיין פעלדפלאַש מיט אַ ביסעלע וואַסער אויפן דעק.

— גוט... גוט...

אַ רגע איז יחזקאל געקומען צו זיך, געעפנט ברייט די האַלב-פאַרגלייזטע אויגן:

— וואָס איז מיט די אַנדערע?

אַבראַשע האָט זיך איבערגעקוקט מיט אַלבערטן, זיך באַראָטן דורך אַ בליק וואָס צו זאָגן, דערנאָך האָט ער זיך אָנטשלאָסן:

— וויקטאָר און אַלבו היטן די געפאַנגענע. טשיבין וועסטו זיכער טרעפן אין שפּיטאָל. די פיס ביי אים... נו, און שטיגליץ... יענער איז צו ווייט פאַרלאָפן, איינער אַליין קעגן צען.

— איך פאַרשטיי.

אַלע זענען געבליבן פאַרשטומט. אַבראַשע האָט געוואָלט אַריינברענגען אַ ביסל הייטערקייט, האָט ער אַרויסגעפּלאַצט:

— אָבער מיר האָבן זיי צעדונערט. זיי לויפן איצט צום קאַנאַל ווי די מייז.

— אַבראַשע, בנפול אויבך אַל תשמח. זיי זענען אויך בשר-ודמס. כ'האָב עס נעכטן געזען. וווהין גייט מען ווייטער?

— אונדז שיקט מען צוריק. דער מפקד זאָגט — קיין ירושלים.

— ירושלים... יחזקאל האָט צוגעשלאָסן די אויגן. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אויפגעריסן פון בעטל און מיט אַן אָפן מויל אָנגעהויבן שלינגען די לופט. אַבראַשע איז אַרויסגעלאָפן פונעם בונקער מיט אַ הייזעריקן געשריי: חובש! חובש!

יחזקאל איז צוריק אַוועקגעפאַלן אָן אָטעם, מיט אַ פאַרוואָר-פענעם קאָפּ. פון ווינקל מויל האָט אים געריזלט אַ שטראָמעלע בלוט.

— יחזקאל, יחזקאל! — אַלבערט האָט אים געהאַלטן פאַר די אַקסלען, ווי דעמאָלט בעתן טרעפן זיך צוריק אויפן זאַמלפּלאַץ. די גאַנצע צערטלעכקייט, פאַרגראָבן אין זיין פאַרביטערטן געמיט, האָט אַ פלייץ געטאָן דורך זיינע דלאָניעס צו דעם מענטשן, וועמען ער האָט אַזוי ליב געהאַט.

יחזקאל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. האָט עפּעס געפּרעפּלט. אַלבערט האָט זיך צוגעבויגן צו אים:

— גיב איבער לאהן... זאָג איר... ניט מער אוישוויץ... ניט מער...

אַלבערט האָט געעפנט דעם פאַטראָנען-טאַש וואָס האָט יחזקאלען געדינט אויף צו האַלטן דעם טלית, אים אַרויסגענומען און פאַרהילט יחזקאלס גוף. דערנאָך איז ער געשטאַנען ביי זיין צופוסנס, אָנגעלענט אָן דער מאַשינביקס, ביז מען האָט גערופן די זעלנער צום צוריקמאַרש...

אַ טרער, אַ ניט-דערוויינטע, האָט ווי אַ דימענט, געשניטן זיין שלונד.

איבער די שוצמויערן פון אַבו-עגילה איז אויפגעגאַנגען די זון צו באַלייכטן אַ נייעם טאָג אין יוני. אַ טאָג פון מלחמה.



.. און אַט, אין דער צעשפּאַלטענער קווענקלעניש האָט יענער דעם גראַנאַט געוואָרפן.

# דער חייל

דורכן פענצטער פון דער פּאַלאַטע זעט מען גראָז. ביז דאָס אויג גרייכט איז אַלץ גרין. דער לינקער שוואַרצאַפּל ביי עובדיהן רייסט זיך דורכן שמאָלן שפּאַלט וואָס די קראַנקן-שוועסטער האָט איבערגעלאָזט צווישן די באַנדאַזשן, טרינקט די לעבעדיקע פאַרב. אין דער פּאַלאַטע איז אַלץ ווייס. טויט-ווייס, תּכריכימדיק.

עובדיה וויל אויפהייבן העכער דעם קאָפּ. שוין אַ פּאָר טעג ווי אַ באַגער, אַ קינדערשער, שטופּט אים צו זען ווו עס ענדיקט זיך דער גראָזפּליין. דער קאָפּ, אָבער, הייבט זיך ניט, אַזוי ווי מען וואָלט אים פאַרבאַנדאַזשירט צוזאַמען מיטן שפּיטאָלבעטל. ליגט ער, עובדיה, אַן אויסגעצויגענער אויפן רוקן און חוזקט פון זיך אַליין. אַזוי ווי דער חוזק קאָן ניט שפּילן אויף די צעשפּאָלטענע ליפּן, קלאַפּט ער אין אַן אָדערל ערגעץ הינטערן אויער. — אַ חילוק ביז וואַנעט מען האָט אָפּגעשוירן דאָס גראָז; און אַז ער וועט שוין וויסן?

אין דער פרי זענען אַרום בעט געשטאַנען די דאָקטוירים און מער געקוקט איינער אויפן אַנדערן ווי אויף אים, דעם חולה. זיי מיינען אַז ער ווייס ניט וואָס איז מיט אים... ווען ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער שטייניקער ערד זוכן דאָרט אַ שוץ קעגן גע-וואָרפענעם גראַנאַט, האָט אין זיין מוח אויפגעבליצט אַ גרויסער פרעגצייכן: דער סוף? ער האָט געזען די כאַמסין-זון איידער זי האָט זיך, ווי אַ פייערדיקע מטבע, אַנגעהויבן קייקלען פאַר זיין צע-שווומענעם בליק. וואָס איז דערפון, אַז מען האָט אים געבראַכט אַהער אין אַ העליקאָפּטער? דער גראַנאַט האָט שוין זיינס באַוויזן אָפּצוטאָן.

עובדיה קערט פאַרזיכטיק דעם קאָפּ צום שכנותדיקן בעטל, וואָס ביי דער וואַנט קעגן איבער. דער דאָקטאָר האָט אים אָנגעזאָגט

ער זאָל זיך נישט דרייען, אויסמיידן יעדע איבעריקע באַוועגונג. קערעוועט ער, דער חולה, דעם קאָפּ, צענטימעטער נאָך צענטימעטער, און דער חוזק פּאַרלויפט אים דעם וועג מיט האַרטע, גיכע טריט ביז צו די שלייפן — כּאילו ער איז מסוגל ניט צו פּאָלגן דעם דאָקטאָר. ער איז אַרומגעוויקלט פון אויבן ביז אַראָפּ ווי אַ מומיע. בלויז די רעכטע האַנט איז פריי. איין פוס איז פאַרדראַטעוועט אין אַ מין שטייג, אומגעלומפּערט געפּאַנגען, ניט איינצובייגן, ניט אויסצוגלייכן. דער צווייטער פוס ליגט סתם אויפן לייליך ווי פאַרבלאָנדזשעט פון אַן אַנדער גוף.

ביי דער מחשבה וועגן דער ווונד אינעם אונטערבויך פאַרשווינדט דער חוזק. אַן אַנצייניקער טרויער גריזשעט טעמפּ דאָס געמיט. יעדער מאָל ווען די קראַנקן-שוועסטער בינדט פונאַנדער די ווינדלען און העלפט אים אָפּגעבן אורין, פילט ער אָפּ פון דאָס ניי זיין בחורישע פאַרלאָרנקייט. די שוועסטער איז אַ יונגע פרוי, יוכבד הייסט זי. יוכבד פאַרעט זיך ביי אים מיט אַ גומירער, מיט גלעזערנע געפעסן און דאָס רויטלעכע פנים אירס זאָגט גאָרניט. דערנאָך בינדט זי אים איבער אין ריינעם לייוונט, פאַרדעקט אים צוריק מיט דער דעקע און גייט באַדינען אַנדערע קראַנקע.

עובדיה בלייבט ליגן אַ פאַרשעמטער, ווי אָפּגעשמיסן. אַ כּעס אויף זיך, אויף יוכבדן, אויף דעם גאַנצן ווייסן אַרום, הייבט אים פון בעט. ווער האָט זיי געבעטן אים ברענגען אַהער? זיי מיינען אים גאַנץ צו מאַכן מיט ניקלנע שאַרנירן, מיט שטאָלענע קלאַמרעס, מיט גומי-טרייבלעך? און יוכבד זאָל אים העלפן אָפּגעבן וואַסער, ווייל אַ שפּליטער... ער דאַרף גאָרניט. ער׳ט גיין צום דאָקטאָר אבניאלי און אים זאָגן...

עובדיה וויל אַראָפּשטעלן אַ פוס און דערמאָנט זיך, אַז ער איז שוין ניט מער בעל-הבית איבער זיין גוף. בלייבט ער ליגן און פרוווט פאַרטרייבן זיינע מחשבות מיט צוהערן זיך צו די שמועסן פון די אַרומיקע.

*

... — ביי נאַכט האָב איך זיך פאַרטייעט מיט דער ביקס און געטשאַטעוועט. ווייזט אויס, אַז די מצרים האָבן זיך געכאַפּט אויפן פּאַרטל. אַט גייט שוין באַלד אויף די זון און אויפן אַנדערן זייט קאַנאַל רירט זיך ניט אַ בלאַט; אָבער וואָס איז אַ סנייפּער אַן געדולד? עס גייט אַוועק נאָך אַ שעה, איך טראַכט שוין אויפצוגעבן, אַוועקצוקריכן צוריק אין בונקער טרינקען טיי, גיט מיט אַ מאָל אַ פויגל אַ פלי אַרויס פון די קוסטעס, האַרט ביים וואַסער. ווערליק זיין צעפּלאַשעטקייט איז געווען צו פאַרשטיין, אַז עמעץ האָט דעם פויגל איבערגעשראָקן. און כּך-הווה. דער אַראַבער האָט זיך גוט אויסגעשלאָפן און אַרויסגערוקט אַ ברעקל לופע אויף קאַשען נייע קונדן. כ׳וואָלט אים אַזוי גיך ניט באַמערקט, נאָר די זון האָט אָנגעהויבן אָפּקלאַפּן אין גלאָז פון זיין טעלעסקאָפּ ווי אין אַ קופּערנער פּאַן. כ׳האָב אים גענומען אויפן ציל. די קויל האָט אים געטראָפן אין האַלדז. ער האָט זיך אויפגעהויבן אין זיין גאַנצער הייך, ווי צו כאַפּן לופט...

— גענוג! גענוג דערציילן די גבורות!

— אַז דיר געפעלט ניט, קאָנסטו אַרויסגיין פון פּאַלאַטע!

— פון די אַלע גבורות ביסטו אַרויס אָן אַ האַנט.

— אָבער איך האָב נאָך עפּעס באַוויזן.

— געהרגעט נאָך אַ מענטש.

— דו שטיק נבלה! כ׳האָב עס געטאָן פאַר דיר און דיינס גלייכן. זייער סודאַנער סנייפּער האָט אַוועקגעלייגט פינף אונדזערע יונגלעך.

— אַבראַשע איז גערעכט. ניטאָ וואָס צו זשאַלעווען.

— יאָ, אָבער מ׳וועט זיך דאַרפן אַ מאָל אויפריידן מיט זיי.

— אָ, צו אַלדי רוחות! ווו האָבן זיי זיך געהאַדעוועט? אין

וואַלד האָט דער קאָמאַנדיר געלערנט — האַלטסטו אַ ביקס דאַרפסטו שיסן.
— מיר זענען ניט אין קיין וואַלד.

*

עובדיה קאָן שוין האַלב זיצן אויפן בעט. מען האָט אים אויך אָפּגעוויקלט איין באַנדאַזש פונעם קאָפּ. ציט ער דעם אויסגעדאַרטן האַלדז, כדי בעסער צו הערן דאָס גערייד אין פּאַלאַטע. ער בענקט נאָך אַ וואָרט וואָס זאָל ניט האָבן צו טאָן מיט ווונדן. דער קראַנקער אויפן קעגנאיבערדיקן בעטל ליגט גאַנצע טעג אַ שווייגנדיקער, דער בליק פאַראַנקערט אין סופיט. ביי נאַכט דערלויבט ער זיך אַ שטילן קרעכץ. פון די איינציקע וואָס קאָנען זיך אויפריידן מיט אים איז טאַלאַל פון אל-עריש. אַכצן יאָר, פון זיין געבוירן אָן, איז דאָרט טאַלאַל געקראָכן אויף אַלע פיר. ער האָט געבעטלט. מען האָט אים גערופן דער מענטשנהונט. אַזוי האָט יוכבד דערציילט. די דאָקטוירים האָבן אים געבראַכט אַהער נאָך אַן אינספּעקציע-רייזע אינעם שפּיטאָל פון על-עריש. טאַלאַל האָט זיך דערקליבן ביזן אַמבולאַנס און אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום דאָקטער אבניאלי ווי אַ ריכטיקער הונט.

יוכבד האָט זיך געפּאָרעט אַרום עובדיהן און בכדי אים צו פאַרריידן זיין בושה, האָט זי וויקלענדיק די באַנדאַזשן דערציילט פּרטים ווי מען האָט טאַלאַלן אַמפּוטירט איין פוס, די צווייטע, די צע-קרימטע, האָט מען אים איבערגעבראָכן און פון דאָס ניי אויסגעגלייכט. די צרה דערביי איז נאָר דאָס, וואָס טאַלאַל האָט מורא צו פאָרן צוריק אַהיים. ער זאָגט, אַז מען וועט אים דאָרט דערהרגענען. ס׳איז ניט גוט פאַר די העצערס מען זאָל זען ווי יידן האָבן אים געשטעלט אויף די פיס. אין על-ערישער שפּיטאָל האָט מען אים אַפילו ניט געוואָלט באַטראַכטן. זיי, דאָרט, האָבן געהאַלטן, אַז זיין מום איז אַ פאַרשאָלטענער, ניט צו פאַרריכטן.

פּאָרט ער אַריין טאַלאַל, אויף זיין וועגעלע צו עובדיהס שכן און טרייסט יענעם אויף זייער בשותפותדיקן לשון. די ערשטע צייט האָט עובדיה ניט געוווּסט, אַז דער פּאַרווּנדעטער איז אַן אַראַבער. דערנאָך האָט אים יוכבד דאָס אויך דערציילט. ס'איז אַ דיוועיסאַנט, פון די פּאַטאַח-לייט. ביידן, אים מיט עובדיהן, האָט מען געבראַכט אַהער צוזאַמען. ער איז צעלעכערט ווי אַ זיפּ. ד״ר אַבניאלי באַמיט זיך שטאַרק צו ראַטעווען אים.

עובדיה טראַכט איבער אַבראַשעס רייד. אָט דער רעזערוויסט, דער סנייפּער האָלט דעם פראָנט כמעט קעגן דער גאַנצער פּאַלאַטע יונגע סאָלדאַטן, דאָס רוב קיבוצניקעס. אַבראַשע האָט ניט קיין ספיקות. ער ווייס פּאַר וואָס און פּאַר וועמען. טאַקע אַזוי. ווי האָבן מיר זיך געהאַדעוועט? אין קיבוץ האָט מען דערצויגן צו שווינען, האָלט האָבן אַלץ וואָס לעבט. פון אַ גראָז ביז אַ מינדסט ווערעמל. וועגן אַ מענטש איז דאָך אָפּגערעדט. אָבער ווי איז אין מלחמה? ווי?

*

— עובד...

נורית זיצט אויפן ראַנד בעט און האַלט אים פּאַר דער גע-זונטער האַנט. דער נערוו פונעם אָפּגעשניטענעם אָרעם רייסט זיך אַרומצונעמען נוריתן. ער, דער נערוו, קלאַפּט אינעם פּוסטן אַרבל פון דעם שפּיטאָלהעמד מיט אַזאַ כוח, אַז עובדיה שפּירט ממש צוריק זיין פאַרלאָרענע האַנט. אַ נאַרישער פּחד באַפאַלט אים — דער אַרבל זאָל זיך ניט אַ ציי טאָן צו נוריתס בלאָנדן נאַקן. נורית וויל זיך צודריקן צו אים, האָט זי אָבער מורא פּאַר די באַנדאַזשן, אַזוי ווי זיי וואָלטן ניט געהאַט אַרומגעוויקלט איר עובדיהן, וואָס יעדער פּינטל אויף זיין גוף איז איר אייגן, נאָר עפּעס אַ ווייטן, אַן אַנדערן. באַנוגנט זי זיך מיט דעם אָפּקלאַנג פון זיין קול. אַלץ איינס פּייכטיקט זיך די ליבשאַפט אויף אירע שוואַרצאַפּלען.

— וואָס מאַכסטו?
— גאָרניט. זעסט דאָך. שפּיטאָל. רפואות. ווי געוויינטלעך.
— כ׳מיין, בכלל...
— . . .
— אַלע האָבן דיר געהייסן גריסן.
— אַ דאַנק.
— אויף דער לעצטער פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן דיר צוטיילן אַ צימער אין נייעם שיכון, מיט אַ באַזונדער ווערענדע.
— זאָג אין קיבוץ, אַז כ׳וועל ניט צוריקקומען.
— פאַר וואָס? מען וואַרט אויף דיר. מ׳ווייס, אַז דו וועסט ניט קאָנען מער אַרבעטן ביי די באַנאַנעס, אָבער האָסט דאָך אַ מאָל אַליין געוואָלט אַריבער צו שעפּסנצוכט, אַ פּאַסטעך זיין. איצט, ווען דו...
— איך וויל אַוועק.
נורית שטעלט אָן אויף אים אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע, גרוילעכע מאַנדלאויגן:
— און איך וואָס?
— . . .
— דער קיבוץ איז דאָך אונדזער היים.
— מע גייט אַ מאָל פון דער היים אויך אַוועק.
— עובד... רייד ניט אַזוי. וועסט זען, ס׳וועט אַלץ גוט זיין. וועסט אַרבעטן, מירן ווידער זיין צוזאַמען, חברים באַזוכן. גיוראַ וואַרט שוין מיר זאָלן נאָך אַ מאָל קומען צו אים אין עין-גב, צום פעסטיוואַל. געדענקסט דעם קאָנצערט? ווי שיין זיי האָבן גע־שפּילט... דער פידלער...

...ביי נאַכט זענען זיי דאָרט אָנגעקומען. דער כנרת האָט גע־טריבן שטילע כוואַליעס צום ברעג, קוים געקילט דעם אָנגעהיצטן זאַמד. אַנשטאָט אויפצוּוועקן גיוראַן, האָבן זיי אָפּגעבונדן אַ שיפל און אַוועקגעוויאַסלעוועט אינעם חושך אַריין. מוטער-נאַקעט זענען

זיי געשפּרונגען אין וואַסער. ביים אַריינקריכן צוריק אינעם שיפל האָבן זיך זייערע גופים באַגעגנט. ביידע האָבן געקניט אויפן דעק. נורית האָט זיך אַראָפּגעבויגן און פאַרקלאַמערט זיינע שענקלען אין אירע אָרעמס. די בריסט, צוויי פול-אויסגעשטאָפּטע טייסטערס גלוסט, האָבן געשפּאַרט אויף זיין מענלעכקייט. דער מתיקותדיקער רייץ האָט וויברירט אין יעדן רינגל פון זיין רוקנביין. ער האָט ניט געוווּסט ווי פריִער זיך איינצוזויגן — אין איר האַלב-אָפן מויל, אינעם האַלדז, וואָס האָט געבליצט דורכן וואַרעמען נעפּל...

— קום ניט מער! לאָז מיך אַליין!

עובדיה האָט אַ ריס געטאָן זיין האַנט פון נוריתס דלאָניעס. אַ דערשיטערטע האָט זי זיך אויפגעשטעלט פונעם בעט. זיין געשריי האָט אויפגעוועקט דעם אַראַבער אין שכנותדיקן בעטל פון זיין האַלבדרימל. יענעמס אומרויִקער בליק האָט געוואַנדערט פון עובדיהן צו נוריתן וואָס איז געשטאַנען אין מיטן צימער מיט אויס-געשטרעקטע הענט. זי האָט געשעפּטשעט:

— עובד, עובד, וואָס איז געשען?

— גיי, נורית, גיי. איכ׳ל קאָנען וועל איך שרייבן.

— אָבער...

— . . .

— זיי געזונט.

*

יוכבד איז געקומען זיך מטפל זיין מיט עובדיהן. ער האָט איר געזאָגט, אַז ס׳איז אים שוין נימאס געוואָרן. זי האָט אָנגעהויבן דערציילן, ווי אָט, איינער, אויך אַזוי... האָט זי עובדיה גראָב איבער-געריסן:

— לאָז אָפּ די מעשׂיות!

קיין מאָל נאָך האָט אים יוכבד ניט געזען אַזוי צערייצט. ס׳זענען שוין געווען טעג ווען ער האָט זיך דערלויבט אַ הלצהלע, אַ זאָג

אַ צווייִדייטיקן, און פּלוצעם... זינט דעם באַזוך פון דער בלאָנדער, איז ער ניט דער זעלבער.

עובדיה האָט געפּאָדערט צו זען דעם דאָקטאָר אבניאלי, ער וויל וויסן ווען וועט ער קאָנען אַרויס פון שפּיטאָל. יוכבד האָט געזאָגט אַז ס'איז נאָך פרי צו ריידן וועגן דעם, און וואָס רויִקער ער וועט זיין, אַלץ גיכער וועט ער זיך פון דאָנען באַפרייען.

סטאַרעט ער זיך צו זיין רויִק. ער טרייבט נוריתן פון זכרון און כדי דאַרט ניט איבערלאָזן קיין אָרט פאַר מחשבות וועגן די וווּנדן, וועגן זיין קיום, חקירהט ער זיך ווידער וועגן אַבראַשעס זאָג — האַלטסטו אַ ביקס, דאַרפסטו שיסן. ווען ער טוט עס אַזוי דעמאָלט, ביי דיר-אל-בלח, וואָלט ער איצט ניט געלעגן דאָ מיט צעריסענע גלידער. עובדיה טראַכט איבער ווידער און ווידער וועגן יעדן שריט פון דער דעמאָלטיקער אַקציע, מיט אַלע פּרטי-פּרטים. ער וויל קומען צו יענעם פונקט, ווו ער האָט געדאַרפט האַנדלען ווי דער פּאַרטיזאַן, און אַלץ וואָלט געווען אַנדערש, בעסער.

דרומדיק פון דיר-אל-בלח, וואָס אין עזה-פּאַס, האָט זיך ביי נאַכט זייער פּאַטרול אָנגעשטויסן אויף דיווערסאַנטן. איינער פון די דיווערסאַנטן איז געפאַלן גלייך אין אָנהייב פון דעם אַטאַק. די איבעריקע זענען נעלם געוואָרן ווי קיין מאָל ניט געווען. פאַר טאָג האָבן די חיילים לעבן הרוג באַמערקט גרויסע בלוטפלעקן, וואָס האָבן זיך זיגזאַגיק געצויגן ביז דעם דערבייִיִקן פּליטים-לאַגער נוסירת. דער מפקד האָט באַפוילן נאָכיאָגן די באַנדע לויט די בלוט-שפּורן. שוין ביים שטיינערנעם פּלויט פון לאַגער האָט זיך דער פּאַטראָל אָנגעשטויסן אויף זיי. די קעגנזייטיקע שיסעריי האָט געטריבן יעדן באַזונדער צו זוכן אַ שוץ פאַר זיך.

עובדיה זעט זיך איצט, ווי ער לויערט ביים ווינקל פּלויט, מיטן אויטאָמאַט אין האַנט, אויף דעם שונא וואָס האָט זיך פּאַרטייעט הינטער דאָס עקשטיבל. אָט האָט יענער אַרויסגערוקט דעם קאָפּ. מען זעט שוין באַלד דעם צעקנאָדערטן קאָלנער פון זיין דרעליך-בלוזע. עובדיה גיט אַ שפּרונג אַנטקעגן, וויל אָנדריקן אויפן צינגל

פונעם געווער, לויפט פלוצעם דורך אויפן קורצן שטח צווישן זיי אַ באָרוועס קינד, צעשויבערט, אין שמאַטעס אָנשטאָט אַ העמדל. ווי אַ פאַרסאַזשעט קעצל האָט עס אויסגעזען. און אָט, אין דער צעשפּאָלטענער קווענקלעניש האָט יענער דעם גראַנאַט געוואָרפן. דער פּאַרטיזאַן אַבראַשע איז גערעכט — געדאַרפט געבן אַ סעריע...

וואָס מער עובדיה טראַכט וועגן דאָס געשעענע, אַלץ מער ברענט אין אים דער גרימצאָרן. אַזוי ווי יעדע מחשבה וואָלט געווען אַ שייט האָלץ אויף הייצן דעם אייגענעם גהינום.

יאָ, געדאַרפט געבן אַ סעריע...

ער זעט זיך שטיין מיטן אויטאָמאַט אין האַנט קעגנאיבער דעם אַראַבער, ער הערט דעם אָפּהילך פון דער סעריע קוילן. דער אַראַ-בער מיטן האַנטגראַנאַט פאַלט אַ טויטער און לעבן אים דאָס קינד, דאָס אַראַבישע, ליגט מיט אייגעלעך פאַרגלייזט צום בלויען הימל, אַדורכגעשטעפּט מיט זיינע קוילן.

ניין! ניין!..

עובדיה האָט זיך איינגעביסן אינעם קישן. אַ שטום מאַנצבילש געוויין האָט געלאָשן די שׂנאה, וואָס ער האָט אויף כוח געוואָלט אָנצינדן אין זיך. דער שכן האָט געקוקט אויף עובדיהן, ווי ער ליגט מיטן פּנים אין קישן, און געוואַרט אויף אַ סימן, אַ צייכן, אַז דער ווייטיק ערגעץ אונטער די באַנדאַזשן האָט אָפּגעלאָזט, ווייל אַ חולה העשעט ניט סתם. ווען עובדיה האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פונעם קישן האָבן זיך זייערע בליקן באַגעגנט. דער אַראַבער האָט אַ שמייכל געטאָן. אַ שורה פאַרגעלטע ציין האָט זיך אָפּירגעשאַרט פון אונטער זיינע וואָנצעס. אינעם קאַרגן ליכט, וואָס איז געפאַלן פונעם טישלעמפּל, האָט עובדיה רעכט ניט געקענט זען מיט זיין איינציק אויג, צי שמייכלט זיין שכן, אָדער קרימט זיך, ווי געוויינט-לעך, פון זיינע ווייטיקן. ס'זענען געווען טעג ווען עובדיה פלעגט פאַרגעסן אין אים. איצט האָט ער זיך געחידושט ווי אַזוי דאָס איז געשען. שוין צו פיל געווען פאַרנומען מיט זיך. ער האָט אַריינגע-

רוקט די געזונטע האַנט אונטערן קישן, אַרויסגעצויגן פון דאָרט אַ שאַכטל סיגאַרעטן מיט אַ צינד־מאַשינקע, אָנגעצונדן פאַר זיך איינעם און אויסגעשטרעקט דאָס שאַכטל מיט דער מאַשינקע צום שכן. זייערע פינגער האָבן זיך באַגעגנט אויפן מיטן וועג, צווישן ביידע בעטן.

צוויי פייערלעך, ווי פון שכנותדיקע ייִשובים, האָבן אַ בלינצל געטאָן אינעם פינצטערן שפּיטאָל־צימער.



... איז זי געשטאַנען, סאַמירע, אויפֿן ראַג און געפּרוּווט האַלטן גלייכגעוויכט אויף די הויכע קנאַפּל.

# סאַמירא

סאַמיראַ, וואָס די חברטעס האָבן זי גערופן „דאָס פערטעלע עוף״, איז געשטאַנען אויפן ראָג נס-ציונה און געזשמורעט די אויגן צום ברעג ים. זי האָט זיך ניט געקאָנט צוגעוווינען צו די קינסט-לעכע וויִעס, וואָס דזאַרדזי האָט געהייסן צוקלעפּן ווי אַ סגולה אויף קונדן. די גאַנצע זוניקע וועלט האָט זיך געבראָכן דורך די האָריקע קראַטעס. מיטביידע ווייזפינגער האָט סאַמיראַ געקאַשערט די וויִעס אין דער הויך, געוואָלט באַפרייען דעם בליק, און לסוף אויפגעגעבן דעם מאַנעוור — זאָל שוין זיין אַזוי. די פּאָר יאָר, וואָס זי גייט אין גאַס האָבן זי אויסדרעסירט צו הכנעה. אַמאָל האָט זי נאָך געפּרוּווט זיך בונטעווען, זאָגן אַ וואָרט קעגן דעם שוטר, אָדער הויבן אַ טופּל אויפן חתן, אויף דזאַרדזין, אָבער מיט דער צייט האָט זי אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז בעסער ניט. דזאַרדזי, למשל. צו ערשט האָט ער געלאַכט, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן ציילן די ריפּן, געבן אַזעלכע קונציקע קלעפּ, וואָס לאָזן ניט קיין סימן, נאָר רופן זיך אָפּ ביי וועלן ווייזן בריהשאַפט מיט אַ בעסערן גאַסט.

אַזוי פלעגט סאַמיראַ וואַרטן ביז עס וועלן אויפלייכטן די לאַמטערן אין גאַס. איצט האָט זי דזאַרדזי אָנגעהויבן טרייבן פריער אויפן שפּאַציר. מען האָט זי אויפגעהערט צו באַמערקן אינעם ביינאַכטיקן חושך. ס׳זענען אָנגעקומען אין דער געגנט נייע מיידלעך, וואָס זי האָט זיך ניט געקאָנט גלייכן צו זיי. אָט האָט אַזאַ אינעז פאַרנומען דעם גאַנצן טראָטואַר. יעדער פאַרבייגייער האָט זיך געמוזט פאַרטשעפּען אָן איר. דזאַרדזי האָט געוואָלט זאָגן אינעזן אַ וואָרט וועגן חזקה אויפן ראַיאָן, זענען אונטערגעקומען צוויי חתנים, אומבאַקאַנטע, און אים געפרעגט צי ער האָט אַ גוטן ציין-דאָקטאָר, ווייל עס שניידט זיך פּאָר יענעם אַ גרויסע אַרבעט...

איז זי געשטאַנען, סאַמירא, אויפן ראָג און געפּרוווט האַלטן גלייכגעוויכט אויף די הויכע קנאַפּל. דאָס האָט זי ניט ווייניקער געמאַטערט ווי די צוגעקלעפּטע וויִעס, ווי דער ענגער ביוסטהאַלטער אָנצושפּאַנען די מאָגערע בריסטלעך. די ביוראַליסטקעס פון אַרום האָבן געשטווינט אויף אירע לאַקירענע טופל און דער פּאַרמאַכטער ניילאָן-בלוזע מיטן שוואַרצן שלייפל ביים האַלדז. דער ים האָט געשטיפּט פון דער ווייטנס, גערופן אָפּשאָבן די היץ פון זיך מיט געזאָלצענעם וואַסער, און זי איז געווען אָנגעטאָן ווי צו מזכיר נשמות. די רווחים זענען געפאַלן און דזאַרדזי האָט געשריען, אַז איר סחורה דאַרף זיין אָנשטענדיק פּאַרפּאַקט, אַנדערש האָט זי ניט קיין אויסזיכטן דאָס אָפּצוזעצן. ער האָט אויסגעלאָזט צו איר זיין ביטער געמיט. ביים פּאָקער-טיש האָבן די אַרסן געלאַכט פון אים: ווו האָט ער אויסגעשריבן אָט דאָס דערעניש? יענע האָט ניט דעם מינדסטן דריג פּאַר אַ זונה. טאָמער גיט זי אַמאָל אַ זשמורע מיטן אויג, מיינט מען אַז אַ צוגווינט האָט איר אויסגעקרימט ס׳פּנים. אַפילו דער בולדאָג, דער סמל פּראָדקין, פרעגט אויך ביי יעדער אַבלאָווע, וואָס טוט אַזאַ קיקימאָרע צווישן אָנשטענדיקע כאָנטעס? אָבער דזאַרדזי האָט זי אַרויסגעפּירט אויף דער גאַס, שטייט זי און וואַרט אויף קונדן. סאַמירא האָט שוין אָנגעהויבן צו פּאַרשטיין, אַז אויב וויל מען צו עמעצן געהערן, מוז מען אים צאָלן. זי האָט זיך אַרומגעדרייט נעבן קינאָ אין דער מושבה מיט אַ שקאָרמוצל קערלער אין דער האַנט און ניט געהאַט צו וועמען אויסצוריידן אַ וואָרט. אין גאַנץ כפר יהודה איז איר טאַטע געווען דער איינציקער שיכור, שוין פון אינדערפרי. ער האָט געשפּילט אויף אַ הילצערן, צעשפּאַלטענעם פייפל. פלעגט ער אויפזאַמלען אַלע קינדער און געבן פּאַר זיי קאָנצערט. אין דער שול האָט מען זיך גערייצט מיט איר, געציקלט דעם טאַטנס מאָטיוון. ביז היינט גייט איר נאָך דאָס ליד, וואָס מען האָט זי געלערנט אין דער שול. די קינדער האָבן אויסגענוצט פּאַרן ליד דעם טאַטנס אַ ווילדן ניגון און עס איר נאָכגעזונגען אויף דער גרויסער הפסקה:

שלום רב שובך צפורה נחמדת
מארצות החום אל חלוני...

די לערערין האָט געשטראָפט די תלמידים, געדופן ניט צו פאַר-שעמען דעם משורר ביאַליק, וואָס זיינע ביינער רוען אין תל-אביב. סאַמיראַן האָט זי געזעצט אויף דער לעצטער באַנק, זי זאָל דאָרט גוט אויסשנייצן די נאָז און אויפהערן וויינען. אַמאָל פלעגט די לערערין, אַ זעלנערקע, וואָס האָט זיך מתנדב געווען אַרבעטן אויפן דאָרף, באַגלייטן זי אַהיים און ריידן מיטן טאַטן ביחידות. נאָך אַזאַ שמועס האָט דער טאַטע זיך נוהג געווען אָפּצוראַזירן זיך און אַוועקגיין אַרבעטן אין דער דערבייאיקער ציגל-פאַבריק. אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער שוין ווידער געזעסן מיטן פייפל צום חוזק פון די שכנים.

סאַמיראַ האָט דערשפּירט אַ ווייטיק אין די לידקעס פון שטיין אויף איין אָרט. זי האָט זיך געלאָזט גיין לענגאויס דער טרומפּעל-דאָר-גאַס, ביז צום בית-הקברות. אַ לאַנגע צייט האָט זיך סאַמיראַ געוווּנדערט, ווי קומט אַהער אַ בית-הקברות, אין צענטער שטאָט. ביז אַן עלטערער גאַסט האָט איר דערציילט, אַז דאָ, ווו זי דרייט זיך איצט אַרום, איז מיט יאָרן צוריק געווען אַ וויסט פעלד און קיינער אין תל-אביב האָט ניט געטראַכט, אַז די שטאָט וועט ווען עס איז זיך פאַרבויען ביז אַהער, און נאָך ווייטער. דאָ ניט לאַנג איז זי געגאַנגען מיט דזשאַרדזי פאַרביי דעם בית-עולם, האָבן זיי פון דער ווייטנס דערזען דעם סמל פראַדקין. כדי אויסצומיידן איבעריקע רייד זענען זיי דורכן האַלב-אָפענעם אייזערנעם טויער נעלם געוואָרן פון אים צווישן די מצבות. דזשאַרדזי, וואָס האָט גוט געקענט דאָס אָרט, האָט זי אַ צי געטאָן פאַר דער האַנט צו אַ שטעגל פאַזע דעם געמויערטן פאַרקאַן. זיי האָבן זיך אַוועקגע-שטעלט הינטער אַן אוהל, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבער אַ טאָפּלטן קבר. קעגנאיבער דעם אוהל האָט סאַמיראַ באַמערקט אַ שטיינערן בענקל. זי האָט זיך געמוזט אַוועקזעצן. די פיס האָבן זיך איר געבויגן. דאָס באַהאַלטן זיך איז איר שטענדיק געווען דער-

ווידער. זי האָט זיך תמיד געקלאַמערט אין איר לעצט ר·· ·
אָט בין איך... איך אַנטלויף ניט... דערפאַר טאַקע א·
דער ערשטער קרבן בעת אַן אַבלאַווע.

זי איז געזעסן מיטן פנים אַראָפּגעבויגן צו די קני און זיך צוגעהערט צו דער שטילקייט אַרום. דזאַרדזי איז געשטאַנען אָנגע-שפּאַרט אָנעם שוואַרצן מירמלשטיין פון אוהל און קאַליופּעט מיטן טאַשן-מעסער דעם גאָלד פו די אותיות. סאַמיראַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. איר בליק האָט זיך פאַרטשעפּעט אין אַ מצבה פון אַ געלבלעכן מאַרמאָר. דאָס האָט איר דערמאָנט אַ טאָוול פון אַ לערנבוך. אינעם האַלב-שאָטן האָט דער שטיין אויסגעזען אינגאַנצן גלאַט, אָן אַן אויפשריפט, אָבער שוין אין אַ רגע אַרום האָבן זיך אותיות פונעם זעלבן זשוויר-קאָליר אָנגעהויבן בולט אויסטיילן, ווי אָקערשט אַרויסגעשטופּט פונעם שטיינערנעם אינגעווייד. סאַמיראַ האָט לאַנגזאַם געבונדן אות צו אות, ביז זי איז דערגאַנגען צום נאָמען — ביאַליק.

פונעם אויפשריפט אויפן קבר האָט אַ ווייע געטאָן אויף איר מיט דעם קראָכמאַל-ריח פון דער לערערינס זעלנערישער בלוזע. אַ פּאָר מינוט איז סאַמיראַ געווען אינגאַנצן אַרויס פון פּאַר. זי האָט זיך ווידער געזען לויפן אַ באָרוועסע איבערן שול-הויף. ווידער האָט איר די לערערין געפלאָכטן צוויי קורצע צעפּלעך, די האָר זאָלן איר ניט פאַלן אין די אויגן. סאַמיראַ האָט געטראַכט, אַז ס'איז גאָרניט אַזוי שלעכט צו זיצן אַזוי, צווישן די טויטע, און אָפּרוען דעם קאָפּ פון דער הירזשערייִ אין באַר „איסמאַילאַ". ס'לוינט זיך דאָ אַמאָל אַרייַנכאַפּן איבערוואַרטן ניט נאָר דעם סמל פּראַדקין, נאָר טאַקע זיך אַליין. אָט שמירט זיך איבער דיר אַ גאַסט מיט זיינע פאַרשוויצטע לאַפּעס און דעם איבל קאָנסטו ניט אָפּוואַשן מיט צען וואַסערן. קאָן מען אפשר נאָך אַזאַ רונדע אָפּקילן די נשמה דאָ, צווישן די מצבות.

סאַמיראַ האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן ראָג טרומפּעלדאָר און בן-יהודה פרווון דאָרט מזל. אינעז איז געשטאַנען אויף איר גע-

[illegible]לאַץ, נעבן דעם ביכער-געשעפט. אַ מינוט פופצן האָבן [illegible]לט אין פאַרקערטע ריכטונגען, הין און צוריק, ווי אַ לייב-וואַך. לסוף האָט אינעז באַשלאָסן אויסצוטרינקען אַ קאַווע מיט סאַמיראַ ביז ס׳וועט ווערן טונקל און מ׳וועט קאָנען אַרויס צום שאָסיי קיין חיפה כאַפּן אַ קונד מיט אַן אייגענעם אויטאָ.

ביידע האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ זייטיק טישל אויפן טראָ-טואַר, נעבן קאַפע. פרויען האָבן זיך אָנגעהויבן שאַרן מיט די שטולן אַ ביסל ווייטער פון די צוויי זונהס. אינעז האָט מיט איין קרומען שמייכל מבטל געמאַכט דאָס גאַנצע וויטישע געזינדל, וואָס האָט זיך דאָ אַוועקגעזעצט שטריקן יאַקעלער און פלוידערן רכילות. וועלנדיק באַווייזן, אַז זי איז דאָ אַ קליענט פונקט ווי אַלע, האָט זי הייזעריק אַריינגעשריען דורך דער אָפענער קאַפע-טיר:

— סאַלאַמאַן, צוויי עספּרעסאָ!

אינעז האָט געשאָטן צוקער אינעם ברוינעם געטראַנק און גע-רעדט צו סאַמיראַ:

— אָט אַזוי ווי דו זעסט זיי שטריקן די שמאַכטעס, זענען דאָס אַלע פּרוצות, איינע אין איינע... פּראַדקין האָט מיר דערציילט. אַזאַ נעמט פאַר איין סטאָס פופציק פונט... זיי רופט מען דורכן טעלעפאָן...

סאַמיראַ האָט ניט נאָכגעפאָלגט דער חברטעס רייד. זי האָט צוגעדריקט דאָס טעפל קאַווע צום מויל און געטרונקען אַ שלוק נאָך אַ שלוק. דער שפּיץ פון איר שמאָלער לאַנגער נאָז איז דערביי פאַרשוווּנדן אינעם פאַרצעלייענעם געפעס. מיט די האַלב-פאַר-מאַכטע אויגן האָט זי אויסגעזען ווי אַ הון, אַ מידע פון אַלץ און פון אַלעם, וואָס טרינקט איר לעצט ביסל וואַסער פאַר דער שחיטה. אינעז, דאַקעגן, האָט זיך האָפערדיק פונאַנדערגעזעצט מיט צע-שפּרייטע פיס, זיך אָנגעשפּאַרט אינעם ווענטל פון שטול און געלאָזט אירע בריסט פריי שיסן צו דער וועלט דורך דער האַלב-אָפענער בלוזע. אינעז איז געווען זייער שטאָלץ אויף זיי, ווי אַ זעלנער אויף זיינע מעדאַלן. די האַרטע, קאַשטאַנברוינע וואַרצלען, וואָס האָבן

איצט געשפּאַרט דורכן דינעם בלוזע-שטאָף, זענען געווען אַ שם-דבר ביי אַלע מאַטראָסן אין יפוער פּאָרט.

אינעז האָט פון מאָל-צו-מאָל געוואָרפן אַ בליק אויף סאַמיראַ און פּלוצעם אויסגערופן:

— אונדזער ברויט דאַרף מען עסן מונטער!

סאַמיראַ האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן.

— ביסטו שוין אין פּאַר, האַלט דעם קאָפּ אין דער הויך. מיר זענען קיינעם גאָרניט שולדיק.

סאַמיראַ האָט געשטאַמלט:

— יאָ, אָבער...

— קיין שום אָבער... פאַרוואָס זעסטו אויס ווי דער מלאך גבריאל וואָלט אויף דיר משתין געווען פון אויבן? דזאַרדזי טשע-פּעט זיך? שיק אים צום קטיף. זאָל ער רייסן מאַראַנצן פּאַר פּופצן פונט אַ טאָג. האָב ניט קיין מורא. ס'זענען אַנדערע צייטן. איצט, פּאַר איין דראַפּע מיטן מעסער זיצט ער פינף יאָר אויף די הינ-טערשטע פיס, ווי קיינמאָל גאָרניט.

— ס'איז ניט וועגן דזאַרדזי.

— איז וועגן וואָס? וועגן פּרנסה? פּאַר אַוועק אויף אַ וואָך קיין עזה, וועסטו קומען פון דאָרט מיט אַ פולן בוזעם דינאַרן. אָט, ליזע, די פּוילישע...

סאַמיראַ האָט מיט אַ רוגזה, וואָס איז גאָרניט געווען צו דער-וואַרטן פון איר, אָפּגעשטופּט פון זיך דאָס טעפּל קאַווע.

— איך פּאָר ניט קיין עזה צו די אַראַבער!

אינעז האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— יִיד, אַראַבער... אַלע דאַרפן דאָס זעלבע...

סאַמיראַ האָט ניט אויסגעזופּט איר קאַווע ביז צום סוף. אַזוי ווי זי האָט די טאַסע אָפּגערוקט פון זיך, איז זי געבליבן שטיין צווישן איר און אינעזן, ווי אַ מערק-שטיין אויף אַ גרענעץ. זי האָט איצט געטראַכט וועגן איר יִינגערן ברודער, מיימאָן, ווי ער פלעגט עס וואַרפן שטיינער אויף די קינדער, וואָס האָבן זיך גערייצט מיט

איר, נאָכגעזונגען דעם טאַטנס שלשלתן. זי האָט זיך דערמאָנט ווי אין אַ שווערן כאַמסין האָבן זיי ביידע געמאַכט אַ געלעגער הינטערן צריף. ער האָט איר דעמאָלט געזאָגט וואָס ער וויל זיין.

סאַמיראַ קנייטשט דעם שטערן, וויל זיך דערמאָנען וואָס דער ברודער האָט געוואָלט זיין. דאָס לעצטע מאָל האָט זי אים געזען ווי ער וואַשט די טעלער אינעם מילך-באַר אויף ראָג דיזענגאָף, נעבן קינאָ. זי וואָלט אַפילו ניט געוווּסט, אַז ער אַרבעט דאָרט, ווען אַ גאַסט, אַ סוטה, לייגט איר ניט פאַר צוואַנציק פונט פאַר פאַרן ביינאַכט מיט אים אויף זיין וועספּע דורך דער גאַנצער שטאָט. דעמאָלט איז איר מיימאָן דורכגעלאָפן פאַר די אויגן. ער האָט געגאָסן זייפוואַסער אויפן שטיקל טראָטואַר, נעבן באַר. די וועספּע האָט זיך הפקרדיק געריסן דורך דער גאַס און זי האָט געדרייט דעם צעשויבערטן קאָפּ אויף הינטן, כדי נאָך צו באַווייזן זען דעם ברודער, ווי ער נעמט צונויף די שטולן. דערנאָך פלעגט זי שטיין אין אַ ווינקל הינטערן קינאָ און גיריק זוכן מיטן בליק דורך דעם געלן נעאָן-ליכט זיין שוואַרצע, נידעריקע טשופּרינע. פון דער ווייטנס איז אים שווער געווען צו דערקענען. אַלע האָבן זיי דאָרט געטראָגן די זעלבע רויטע בלוזעס, ווי אין אַ צירק. זינט זי איז אַוועק מיט דזאַרדזי, האָט זי ניט געהאַט מער קיין צוטריט צום שטוב. צום ברודער האָט זי מורא געהאַט צוצוגיין, טאָמער וועט ער זי אַוועקטרייבן.

גלייך נאָך די זעקס טעג מלחמה איז זי געגאַנגען אַ קוק טאָן אויף אים. ער איז דאָרט מער ניט געווען. אַן אַנדער בחור האָט דאָרט געוואַשן דעם דיל.

— סאַמיראַ, האַ, סאַמיראַ!

סאַמיראַ האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אַרויס פון אַ טיפן וואַסער.

אינעז האָט אַ שעפּטשע געטאָן:

— אַנטקעגנאיבער דרייט זיך אַ חייל, זעסט? נעבן די רעקלאַמעס. לאָמיר צוגיין אים אָנציען.

— צוזאַמען ?

— קום, מ׳עט זיך מאַכן אַ ביסל פריילער. קיין פּרנסה וועט אַלץ איינס פון אים ניט זיין. זייער טאַקסע איז דאָך אַ צענערל...

אינעז האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש דאָס מינץ פאַר דער קאַווע און ביידע זענען אַריבער די גאַס. דער חייל, אַ נידעריקער, קרעמפּער יונג מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ, האָט באַמערקט ווי ביידע זונהס גייען גלייך אויף אים, איז ער אַריין טיפער אַ ביסל אין געסל, נענטער צום ים, און ווידער געבליבן דאָרט שטיין. אין אַ רגע אַרום זענען שוין ביידע געווען נעבן אים. אינעז האָט געגעבן אַ מעסט אָפּ דעם זעלנער, פון די פאַרשנורעוועטע קאָמאַנדאָ-שיך ביזן שפּיץ אָפּגעשיילטן נאָז, און מבֿיניש אַ פרעג געטאָן:

— פון סועץ ?

— המ...

— ווען פאַרסטו צוריק ?

— אין אָוונט.

— אַ תל-אביבער ?

— ניין.

— ווילסט גיין מיט וועמען ?

— איך ווייס ?...

דער חייל האָט געוואָלט שפּילן דעם גלייכגילטיקן מאַן, אָבער דער צונטער אויפן יינגלשן געזיכט האָט געמסרט, אַז ער האָט שוין לאַנג געפּלאַנט אָט די באַגעגעניש, נאָך ליגנדיק אויף דער האַרטער נאַרע אין אַ בונקער, ערגעץ ביים קאַנאַל.

אינעז האָט געשמייכלט:

— אָבער איך ווייס... ובכן, גבור, ס׳קאָסט דרייסיק פונט. צען פאַרן צימער, צוואַנציק פאַר מיר.

— אַהאַ... באַלד אַ חודש געהאַלט.

— דאָס איז עס.

דער זעלנער האָט פאַרביסן אַ ליפּ.

סאַמיראַ איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין אַ זייט און זיך

ניט געמישט אינעם משא-ומתן, זעענדיק אָבער דעם חייל אין זיין פאַרלעגנהייט, האָט זי זיך ראַפּטעם געגעבן אַ רוק צו אים און אים, כמעט, איינגערוימט אין אויער:

— קום מיט מיר... אָן געלט... בלויז פאַרן צימער...

אינעז האָט אַ שאַר געגעבן מיט דער האַנט:

— נעם אים, נעם די מציאה, איכ׳ל בעסער אַרויסגיין צום שווימבאַסיין כאַפּן אַ טוריסט.

דער זעלנער האָט אָנגעקוקט סאַמיראַ און גלייך איבערגע-וואָרפן זיין בליק אויף דער אַוועקגייענדיקער אינעז. אַ רגע האָט ער זיך געוואַקלט, נאָר באַלד איז ער געווען אין אירע פּוסטריט. אינעז האָט געדרייט מיט די רונדע היפּטן. ווי אַ סאָלידע שיף האָט זי דעם חייל בוקסירט דורכן שמאָלן געסל, ביז זיי האָבן זיך אויס-געגלייכט נעבן ברעג ים. סאַמיראַ האָט נאָך באַוויזן צו זען אין אַראָפּגעפּאַלענעם טונקל ווי ביידע, אינעז פאָרויס און דער זעלנער אָפּגערוקט אַ שפּאַן הינטער איר, גייען צום האָטעלכל, אויפן ראָג גאַס.

סאַמיראַ איז אַזוי געשטאַנען ביז שפּעט אין דער נאַכט. פאַר דער צייט איז שוין דזאַרדזי געווען צוויי מאָל פרעגן צי זי האָט געמאַכט געלט, ווייל אַניט האָט זי ניט נאָך וואָס צו קומען מער צו אים. און זי האָט אַפילו ניט געפּרוווט אַדורכגיין די פּאָר באַרן אויף דער ירקון-גאַס, אפשר וועט אַ שפּעטער טרינקער זיך קוואַפּען אויף איר. אָנשטאָט דעם איז זי גאַר אַוועק טיפער אין טרומפּעלדאָר, צום בית-עולם. די גאַס איז געלעגן אַזוי שטיל, געננוי ווי דער שטח הינטער דעם שטיינערנעם גדר. סאַמיראַ איז צוגעגאַנגען צום עק געמויערטן צוים, וווּ עס שטייען די גרויסע, בלעכענע מיסט-עמערס פון די אַרומיקע געשעפטן. מיט אַ גענייטער האַנט האָט זי אַ רוק געגעבן איין עמער צום גדר, וווּ ער לאָזט זיך אַראָפּ נידעריקער, אַרויפגעקאַשערט דאָס קליידל ווייט איבער די קני און זיך אַוועק-געשטעלט אויף דער כלי. ווען זי האָט אַריבערגעהויבן אַ פוס

איבערן גדר, האָט זי נאָך רעכט ניט געוווּסט אויף וואָס ווער זי דאָסמאָל וויינען ביי ביאַליקס קבר — אפשר אויף דעם, וואָס דער ברודער מיימאָן איז געפאַלן אין סיני. יענער האָט אויך געהאַט אַזעלכע אָפּגעשטאַנענע אויערן, ווי דער זעלנער. זי האָט אַזוי געוואָלט זיי אָנרירן, אָט די גרויסע, צעוואַקסענע אויערן-מושלען. אָדער גאָר אויפן שטיקל לעבן, וואָס קלעפּט זיך ניט. קלעפּט זיך ניט.



... אשרן האָט דאָס האַרץ פאַרשטשעמעט. זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן אים.

# דער נכה

דעם דריטן טאָג פון דער מלחמה איז ער געוואָרן פאַרווונדעט.

ער איז געלאָפן מיט זיין גרופע דורכן הויף פונעם ראָקפעלער-מוזיי אין מזרח-ירושלים, כדי צו פאַרנעמען אַ פּאָזיציע — און ניט דערלאָפן. אַ ירדנישער לעגיאָנער, ניט ווייניקער איבערצייגט אין מלחמה-אמת ווי די פאַרסאָפּעטע יידישע חיילים, האָט דורך אַ פענצטער אויסגעליידיקט אויף זיי אַ מאַגאַזין קוילן פון זיין מאַשינ-ביקס. יענער איז טאַקע געבליבן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ צו דער לופע, ווי פלוצים איינגעשלאָפן פון דער קעגנשיסעריי, אָבער פאַר די פינף חיילים, אשר׳ס מיטלויפער, איז דאָס ניט געווען קיין טרייסט. זיי זענען געלעגן אויף די צעמענט-פלאַטן פון מוזיי-הויף מיט אָפענע אויגן, וואָס האָבן קיין זאַך נישט געזען. אשר איז געלעגן צווישן זיי, אַלץ געזען, אָבער אויפשטיין האָט ער ניט געקאָנט. אַ האַלבער גוף זיינער, פון קרייץ ביז די פינגער-שפּיצן ביי די פיס, איז געלעגן טויט צוזאַמען מיט דער קאַמפּס-גרופּע. אשר, ווי ער וואָלט זיך געשעמט אַליין אויפצוהייבן פון דער ערד און איבערלאָזן זיינע חברים, איז געלעגן אַ פאַרשוויגענער אין זיינע ווייטיקן, ביז די סאַניטאַרן האָבן אים אַרויפגעלייגט אויפן טראַגבעטל.

איצט זיצט ער אין אַ שטול מיט רעדער, צוויי יאָר נאָכן אַרויס-גיין פון שפּיטאָל, און ווייס ניט ווי צו ענטפערן אויף דער פראַגע: וואָס איז בעסער — זיין אַן אינוואַליד אָדער שטאַרבן? אַ צייטונגס-מענטש איז געווען ביי אים, האָט ער עס געפרעגט. אויף אַזאַ פראַגע קאָן מען ניט ענטפערן ליגנדיק אויפן שפּיטאָל-בעטל. דאָן איז דער ענטפער גרייט: קודם-כל לעבן. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע. חוץ דעם טראַכט מען ניט וועגן קיין שום זאַך. קודם-כל לעבן.

לעבט ער. אשר האָט זיך אויסגעלערנט פאַרקוועטשן די לינקע האַנט אין אַ פויסט, און אין די דריי איבערגעבליבענע פינגער אויף דער רעכטער האַנט קאָן ער שוין פאַרפלעכטן דאָס הענטל פון אַן עסלעפל. ער האָט אויך געפונען אַ וועג פאַר די פאַראַליזירטע פיס זיי זאָלן אים ניט שטערן זיך איבערזעצן פון בעט אויפן שטול, און פאַרקערט. ער פירט אַן אויטאָ. ער קאָן שוין זיין אין זיין אייגענעם רשות. ער דאַרף שוין קיינעם ניט האָבן.

ער דאַרף ניט קיינעם און דאַרף אַלעמען. אַפילו דעם דאָקטאָר, וואָס האָט אים געזאָגט: חבוב, ביסט צוגעשמידט צום שטול מיט די רעדער אויפן גאַנצן לעבן. האָסט ניט קיין שום אויסזיכטן.

איז ניט. דער דאָקטאָר האָט זיך געוווּנדערט וואָס דער חולה וויינט ניט; אָבער ווי קאָן מען וויינען ווען מען זאָגט דיר, אַז דו וועסט שוין קיינמאָל ניט קאָנען גיין?... דאָ דאַרף מען וואָיען ווי אַ חיה, אַן אַריינגעוואָרפענע אין אַ שטייג. אויב מען קאָן זיך ניט אַ ריס טאָן און בייסן די קראַטן ווי אַ חיה, טאָ וואָס איז שוין דאָס וויינען?

זיצט ער, אשר,ביים פענצטער און קוקט אַרויס צום זוניקן דרויסן. די וווינונג איז אַן אונטערשטע. גלייך פון דער טיר איז מען אין גאַס. אשר קאָן מיט עטלעכע רעדער-דריי אַרויספאָרן פון שטוב, אָבער ער זיצט ביים פענצטער און קוקט נאָך דער כאַפּטע קינדער ווי זיי שפּילן אין פוטבאָל קעגנאיבער, אויף דעם גראָזיקן פּלאַץ צווישן די ניי-אויסגעבויטע הייזער. זיי לויפן, פאַרשוויצט און פאַר-שמאַיעט, יאָגן זיך האַלדז-און-נאַקן נאָך דער פּילקע, ביז זי ווערט אַריינגעשטויסן אין „טויער" — אַ שטיקל שטח אָפּגעמערקט פון ביידע זייטן מיט שול-טעקעס. איין שפּילער שטייט אין אַ זייט און קאָפּעט אַ שטיינדל. פּלוצים האָט זיך אשר דערמאָנט, אַז ער קאָן עס ניט. נאָך אַ סך זאַכן קאָן ער ניט, אָבער אין דער רגע טוט אים צומייסטן וויי וואָס ער קאָן ניט אַ קאָפּע טאָן אין שטיינדל, ווי אָט דאָס יינגל.

*

אשר איז געזעסן איבער זיינע לערן-ביכער. ער האָט זיך גע-גרייט צו די עקזאַמענס פאַרן טעכניקום. מען האָט אים דאָרט צוגע-זאָגט פאַרשיידענע פאַרלייכטערונגען אויף צו ווערן אָנגענומען, אָבער ער האָט דווקא געוואָלט באַווייזן זיינע קענטעניש. ער וויל ניט מען זאָל אים טאָן טובות צוליב זיין מצב. אין קינאָ קויפט ער צוויי בילעטן — פאַר חנהן און פאַר זיך. ער בעט בלויז, אַז די פלעצער זאָלן זיין ביים דורכגאַנג. אשר וואַרפט זיך אַריבער אויפן שטול אין דער ריי, לייגט צוזאַמען דעם אינוואַלידן-שטול און זיצט, ווי אַלע מענטשן, אויף זיין געקויפטן פּלאַץ. אין טונקל פאַרלייגט ער אַ האַנט אויף חנהס אַקסלען. ווען מען זעט אים פאַר די טרעפּ-לעך ביים אַריינגאַנג אין באַנק, ווו ער נעמט אָפּ יעדן חודש זיין אינוואַלידן-פּענסיע, וויל מען אים גלייך העלפן. עטלעכע פּעסטע פאַרבייגייער גיבן אַ נעם דעם שטול און אין איין רגע קאָן ער זיין אינעווייניק, אין באַנק. אָבער אשר וויל ניט. ער לאָזט אַרויס אַ ביסל לופט פוןביידע רעדער זיי זאָלן זיך ווייכער איינ-שפּאַרן אין די שאַרפע טרעפּ-קאַנטן און פּרוווט אַזוי אַרויפשטייגן ביז צו דער טיר. אַז עס גייט ניט, בעט ער מען זאָל אים אונטער-שטופּן. דאָס אַלץ.

ביי דערוואַקסענע איז אַן אינוואַליד אַ נעבעך. זיי האָבן רחמנות. אשר ליידט עס ניט. אים זענען מער צום האַרצן די קינ-דער. זיי האָבן ניט קיין רחמנות. ווען חנה איז נאָך ניט געווען זיין ווייב, פלעגט ער קומען צו פאָרן מיטן אויטאָ צו איר הויז אין דער אָפּגערעדטער שעה. די קינדער פון שיכון, ווו זי האָט געוווינט מיט טאַטע-מאַמע, האָבן געזען ווי ער זיצט ביים רודער און גייט פון אויטאָ ניט אַרויס. אַ מיידעלע האָט אָנגעוויזן אויף אים דעם גרעזעמל בלאָנדע און שוואַרצע קעפּלעך — זעט דעם שוויצער. ער מיינט, אַז ער האָט אַן אויטאָ, פּאַסט אים ניט אַרויסצוגיין פון דאָרט. אשר האָט זיי צוגערופן. צו ערשט האָבן זיי מורא געהאַט צוצוגיין, אפשר

וויל ער געבן ווען א שנעל איבער דער נאז פאר אט די רייד, אבער לסוף האב זיי זיך ניט איינגעהאלטן און ארומגערינגלט דעם אויטא.

— קינדער, איר האט ליב צו לויפן?

— בטח...

— און איך קאן ניט לויפן. אפילו ארויסגיין צו אייך קאן איך ניט. אשר האט זיי געוויזן דעם אויפגעלייגטן שטול אויף רעדער.

— ביסט א נכה?

— יא...

— ביסט געווען אין מלחמה?

— יא...

— איז וואס האסטו גלייך ניט געזאגט? מיר האבן געמיינט, אז דו ווילסט מאכן א רושם מיט דיין גרויסן אויטא.

דאס מיידעלע האט גערעדט פאר דער גאנצע חברותא.

— ווארטסט אויף חנהן פון דריטן שטאק?

— יא...

— יופי...

זינט דאן פלעגן זיי אפילו ניט צוגיין צו אים. בלויז פון דער ווייטנס האבן זיי געפאכעט מיט די הענט אויף שלום.

*

אשר איז אוועקגעפארן אין אינוואלידן-צענטער ביים שפיטאל ווו ער איז געלעגן. ער האט געוואלט זען עטלעכע חברים, וואס זענען נאך דארט פארבליבן, כדי זיך צו לערנען באגיין מיט די פיס און הענט, וואס מעכאניקער האבן זיי צוגעפראוועט. נאר מער פון אלעמען האט ער געוואלט זען שמעונען, דעם חייל פון זיין קאמ- פאניע, וואס איז דאן געבליבן ליגן אין מוזיי-הויף און מען האט געמיינט, אז ער איז טויט. שמעון לערנט זיך דא ריידן. די קאנטוזיע

האָט אים פאַרהאַקט ס׳לשון. אשר האָט אים טאַקע געטראָפן אויפן הויף, זיצנדיק אונטער אַ בוים אויפן רעדער-שטול, נעבן זיין לע-רערין, אַ מיידל פון אַ יאָר צוואַנציק, וואָס די אינוואַלידן, איידער זיי גייען שלאָפן, זענען זיך מתווכח וועגן איר ווי זי זעט אויס אַ נאַקעטע.

שמעון זעט פון דער ווייטנס ווי זיין חבר דרייט אויס האַסטיק די רעדער פון זיין שטול, און אַ ציטער פאַרכאַפּט ביי אים אַ האַלבן פנים. אין אַ רגע אַרום זיצן זיי שויןביידע ראָד צו ראָד און די לערערין שמייכלט צו זיי אַ פאַרביקן שמייכל, ווי דער ציין-ווייס קלאַפּט אויפן רויט פון די ליפּן.

— שמעון, זאָג : אבא...

— אבא...

— אמא...

— אמא...

— הערסט ווי ער רעדט ?

אשר שאָקלט מיטן קאָפּ.

— און איצט, שמעון, זיי מיט דיין חבר. ער וועט ריידן און דו וועסט צוהערן. ס׳איז אויך אַ לעקציע...

די לערערין שטעלט זיך אויף און גייט קווער דורכן גראָזיקן הויף צום שפּיטאָל. סוויסטשערייען פון התפעלות פאַלן איר אויף די אַקסלען, אויף די היפטן, וואָס יעדער זייער רונדיקער באַוועג טרייבט שטאַרקער דאָס בלוט אינעם אונטערלייב ביי די צעקריפּלטע חיילים.

דער הויף איז גרויס און געררוים. די אינוואַלידן שפּאַצירן מיט זייערע וועגעלעך. ווער צוזאַמען, ווער אַליין. די שמועסן, די מחש-בות, דרייען זיך אַרום איין זאַך : ווי וועט עס זיין אין דער היים ? ווי הויבט מען אָן ווידער צו לעבן ? זיי זעען אשרן אָנגעטאָן ווי אַלע געזונטע מענטשן, ציען זיי זיך צו אים הערן אַ וואָרט פון דער וועלט אויסערן שפּיטאָל.

— איך האָב נאָך גוט אָפּגעשניטן. ביי מיר איז איין האַנט כמעט אין אָרדנונג. די דריי פינגער...

אשר ווייזט זיי וואָס ער האָט געראַטעוועט פון מלחמה-פייער.

— וואָס טוט מען, ווען ביידע האַנט-פלאַכן זענען אַוועק צוזאַמען מיטן אויפגעריסענעם טאַנק? מיט די צוגעטשעפּעטע צווענגלעך קאָנסטו זיך אויסלערנען האַלטן אַ בלייער. אָבער ווי פאַרקנעפּלט מען די הויזן?

— דאָס קאָן מען בעטן ביי שמעונס לערערין...

אַ יונגער געלעכטער צעטרייסלט די שטולן.

— אַט בין איך שוין געווען אין דער היים און געמוזט קומען צוריק. די פּראָטעזע האָט מיר אָנגעריבן ווונדן. ווען כ'האָב אַוועק-געשטעלט די פּראָטעזע נעבן בעט, האָט די קליינע מיינע זי אַרומ-גענומען און געקושט. דעם אבא'ס פוס. זי איז אינגאַנצן דריי יאָר. זי פרעגט מיך: אבא, אַז דער פוס פאַלט, טוט דיר וויי?...

אַלע שווייגן.

אַ שאַרף-שנאָבלדיק פייגעלע, מיט אַ געלן פלעק אויף דער ברוסט, ווי אַ קינדערשער גאַווער-פאַרטעכל, איז צוגעשפּרונגען כאַפּן אַ ברעקל געבעקס פון אונטער אַ ראָד. אַ פּיק און אַ קוק. אַ קוק און אַ פּיק.

אַלע שווייגן.

*

אשר זיצט ביים פענצטער און טראַכט וועגן חנהן. די לעצטע צייט איז זי אַנטשוויגן געוואָרן. פריער האָט ער עס אַזוי ניט געהאַט באַמערקט. ער איז געווען פאַרנומען מיט איינשטעלן דאָס אייגענע לעבן אויף דעם רעדער-שטול. איצט, ווען ער קאָן אַרויספאָרן דורך דער טיר צו דער פרייער וועלט, ווי יעדער געזונטער מענטש, האָט זיך חנה אָנגעהויבן פאַרשפאַרן אין אַ ווינקל, ווי אַ חולה. זי קומט פון דער אַרבעט, נעמט זי זיך פאַרען אין קיך. אין אָוונט זיצט זי איבער די העפטן, וואָס זי האָט מיטגענומען פון שול, כדי איבער-

צושטרייכן מיט אַ רויטן בלייער אַלע קינדערשע פעלערן פון איר קלאַס. ווען אשר האָט זיך באַקענט מיט איר, איז זי אַליין נאָך געווען אַ שילערין אין לערער-סעמינאַר, מער אַריינגעטאָן אין לייזן די פּראָבלעמען פון דער וויעטנאַמער מלחמה, ווי אין די לימודים. אשר האָט אויך געהאַט וואָס צו זאָגן וועגן אָט דעם קריג אין ווייטן לאַנד און אַזוי האָבן זיי איינער דעם אַנדערן געפונען, ביז זיי האָבן זיך ביידע פאַרלוירן אין די ערשטע, שאַרסטיקע קושן. אשר איז שוין דאַן געווען אַוועק פון טאַטנס שטוב אין מושב, געוווינט אַליין אין שטאָט. זענען זיי געלעגן ביידע אויף זיין בחורשן בעטל און אשר האָט געפּרווט מיט הייסע פינגער צוקומען צו אירע האַרטע בריסטן. חנה האָט אַ גאַנצע וואָך אין דאָרף, אויף דער גרעניץ, ווו מען האָט זי געשיקט פון דער אַרמיי דינען פאַר אַ לערערין, געלעבט מיט אָט דעם באַריר.

ניט בלויז צו זיינע הענט האָט זי געבענקט. אויך צו די אויגן זיינע. גרינע אַזעלכע, פאַרשאָטנט דורך לאַנגע ווּיעס. יעדן פּרייטיק-צונאַכט, איידער זי איז אַרויס פון שטוב זיך טרעפן מיט אשרן, האָט זי די מאַמע באַגלייט צו דער טיר מיט די זעלבע ווערטער:

— ער איז טאַקע אַ שיינער יונג, אָבער וואָס איז דער תכלית?

דורך דער האַלב-פאַרמאַכטער טיר איז צו איר דערלאָפן דער מאַמעס ניט-פאַרענדיקטער זאַץ.

— ער דאַרף נאָך לערנען, זיך איינאָרדנען.

חנה איז געגאַנגען צום אָפּגערעדטן טרעפפונקט און פאַרגע-פילט זיין אָטעם אויף אירע ליפּן.

*

ער טראַכט וועגן חנהן. די וואַרעמקייט איז אַוועק. ס'זענען געבליבן בלויז פליכטן. ווי זי איז עס געזעסן נעבן אים אויפן שפּיטאָל-בעטל און אים געטרייסט. אָן רייד. איידער זי איז דאָס

ערשטע מאָל געקומען אין שפּיטאָל אים באַזוכן, האָט ער צוגע-
גרייט אַ גאַנצע רעדע. מען דאַרף באַשליסן... ס'איז ניט אַזוי פּשוט...
ער איז שוין ניט יענער אשר... און דאָ איז זי געקומען, אָפּגעלייגט
דאָס זעקל עפּל מיט די בלומען און זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעטל.
אשר האָט גענומען איר האַנט אין זיינע אוןביידע האָבן זיך
פונאַנדערגעלאַכט איבער דער גאַנצער פּאַלאַטע. חנה האָט געלאַכט
אַ שטיל געלעכטער, וואָס אשר האָט אַזוי גוט געקענט. איר קליין
נעזל איז נאָך קלענער געוואָרן צווישןביידע שניטן, וואָס דאָס
געלעכטער האָט געמאַכט ביז צו די מויל-ווינקלען. אשר איז גע-
לאָפן מיט פאַרזשמורעטע, לאָכעדיקע אויגן איבער אירע פולע
באַקן, איבער די בלאָנדע פּאַסמעס האָר, וואָס זענען צוריקגעפאַלן
פון הינטער אירע אויערן, און דערביי געטראַכט: וועט זי אַרומ-
נעמען, אָדער ניט?

זי האָט אים אַרומגענומען און זיך פונאַנדערגעוויינט.

אשר געדענקט יעדן פּרט פון יענעם באַזוך. ער האָט דאַן
געשריבן וואָס מיט אים איז און זי איז געקומען. די ערשטע צייט האָט
מען זיך בעסער פאַרשטאַנען. אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי הייטער,
אַזוי ווי אין טאָג פון דער חתונה. דער מפקד איז געקומען, צוגע-
האַלטן אַ חופה-שטאַנג. דערנאָך האָט ער ביים טיש דערציילט
וועגן אשרס גבורה, געלויבט חנהן, געפונען אַ פּאַסיקן אָרט אין
זיין רעדע צו דערמאָנען איר מיידלשן חן. חיילים האָבן געטאַנצט
און געזונגען. בלויז חנהס טאַטע-מאַמע זענען געזעסן ווי פרעמדע.
אשר איז ניט בייז אויף זיי. זיי קומען אַמאָל אַריין, טרינקט מען
טיי צוזאַמען. האָט ער זיי געדאַרפט צוליב טאָן און איבעררייסן
מיט חנהן, ווייל זיי ווילן בעסער אַן איידעם מיט גאַנצע פיס?
פאַרט ער אויף אַ רעדער-שטול, איז וואָס? עמעץ באַדינט אים?
דאָס וואָס ער קאָן ניט טאָן טוט ער ניט. און אַ געזונטער קאָן טאָן
אַלץ?...

*

חנה האָט געשטופּט אשרס שטול דורך דער האַלב-באַלויכ-טענער גאַס. זיי האָבן זיך געהאַט אומגעקערט פון אַ פאַרוויילונג מיט חברים. אַ געוועזענער חייל האָט איינגעלאַדן די גאַנצע קאָמ-פּאַניע. חנה איז געווען זייער צופרידן פון דער איינלאַדונג. מ׳וועט זיך אַביסל צעשטרייען. זענען זיי דאָרט אַוועק צופוס, ווייל דער אויטאָ איז געשטאַנען אין גאַראַזש אויף רעמאָנט. חנה האָט גע-שטופּט דעם שטול דורך די גאַסן, וואָס האָבן געפירט צום גאַסט-געבערס וווינונג, און אויף אַ רגע פאַרגעסן, אַז זי גייט פאַרברענגען מיט יונגע מענטשן, ניט מיט איר מאַן האַנט אין האַנט, נאָר פירנדיק אים אויף אַן אינוואַלידן-שטול. דורכן טעלעפאָן האָט יענער צוגע-זאָגט באַווייזן פילם-אויפנאַמעס פון זיינע רייזעס איבער אייראָפּע, דערנאָך וועט מען טאַנצן, און בכלל, ס׳וועט זיין פריילעך.

און ס׳איז טאַקע געווען פריילעך. גלייך פון דער ווינדע האָט מען זיי אויפגענומען מיט אַ הוראַ. אשרס חברים האָבן אים אַריינ-געפירט אין גרויסן סאַלאָן און אַלע, נאָך דער ריי, האָבן אים אָדער צעשויבערט די טשופּרינע אָדער אַ נעם געטאָן פאַרן נאַקן, ווי רינג-קעמפּער בעתן אָנהייבן אַ רונדע.

חנה האָט באַוואונדערט די פאַרהאַנגען, די בילדער אויף די ווענט. די יונגע באַלעבאָסטע האָט זי געפירט אין קיך באַווייזן טעכנישע חידושים. ס׳איז געווען אַ נייע וווינונג, איינגעאָרדנט מיט אַ סך געלט. אין שלאָף-צימער האָט איר די באַלעבאָסטע איבער-געמאַכט די פריזור, מען זאָל זען דעם גאַנצן שטערן, ווייל אַזוי איז שענער, צוגעשמירט איר די אויערן-לעפּלעך מיט אַ שטילן פּאַרפום, און פאַרזיכערט חנהן, אַז איצט קאָן זי ברעכן הערצער...

אַ סערזשאַנט מיט אַ פּאָר טאַטאַרישע וואָנצעס האָט געטאַנצט מיט איר כמעט דעם גאַנצן אָוונט.

נאָך צוויי גלעזלעך קאָניאַק האָבן אשר מיט זיינע חברים אָנגעהויבן אויסלאַכן די גאַנצע מלחמה. מען האָט זיך דערמאָנט

וועגן אַ פֿאַרלוירענעם פּאַסעק צו די הויזן, וועגן אַ צעדראַפּעטן הינטער-חלק. זיי האָבן ניט געפֿונען איין וואָרט צו דערמאָנען דעם געלויף אונטער אַ האָגל קוילן פֿון דער ירושלימער שכונה מחנה ישראל ביז צום ראָקפֿעלער-מוזיי. אַ רמז פֿון אַ געפּעכט מיטן שונא פּנים אל פּנים. זיי האָבן זיך געשעמט איינער פֿאַרן אַנדערן מיט דעם, וואָס זיי האָבן דאָן אַרויסגעוויזן. און ניט אַזוי מיט דעם, ווי מיטן בלוט, וואָס דאָס האָט געקאָסט. די געוועזענע חיילים, אַנגעטאָן אין שוואַרצע, שמאָלע הויזן און ווייסע העמדער מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל האָבן זיך געחכמעט, כּדי צו פֿאַרווישן אַלע שפּורן פֿון קריג. זיי האָבן אים ניט ליב געהאַט, דעם קריג, און ס׳איז זיי ניט ניחא געווען דאָס גערייד וועגן אים.

אשר איז געזעסן צווישן זיינע חברים און מיט איין אויג, מען זאָל ניט באַמערקן, געוואַנדערט צו חנהן. אויף די הויכע קנאַפּל האָבן אירע פּיס אויסגעזען שלאַנקער ווי אין דער אמתן. דאָס קורצע קליידל קליידל האָט געמסרט אירע דיקלעכע שענקלען, אָבער אין טאַנץ-געווירבל האָט איר פֿאַרברוינטע הויט געשימערט און גערייצט די חושים. אשרן האָט דאָס האַרץ פֿאַרשטשעמעט. זי האָט אין גאַנצן פֿאַרגעסן וועגן אים. דער סערזשאַנט האָט געטאַנצט אַקעגנאיבער. נאָכגעמאַכט איר יעדע באַוועגונג און חנה האָט אַ צעשמייכלטע זיך אָפּגעגעבן כּולה דעם טאַקט פֿון דער קופּערנער מוזיק. כאָטש זיי האָבן זיך אַפֿילו פֿאַר די הענט ניט געהאַלטן, האָט זיי שוין אשר געזען אַרומגענומען און ווען דער ווילדער געהילך רייסט זיך ניט איבער צוליב אַ דעפֿעקט אין פּאַטעפֿאָן, וואָלט אים זיין דמיון פֿאַרשלעפּט צו דער טונקעלער וועראַנדע, ווו זיי וועלן שטיין צע-היצטע נאָכן טאַנץ און זיך שושקען וועגן אַ טרעפֿונג.

חנה האָט געשטופּט דעם רעדער-שטול און געלויבט די אויפֿנאַמע, ווי שיין אַלץ איז געווען איינגעאָרדנט. אשר האָט געשוויגן. פֿאַרן אַריינפֿאָרן אין שטוב האָט ער בלויז אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס האָסטו גערעדט מיט חיימען?

— מיטן סערזשאַנט, מיינסטו?

— יאָ.
— גאָרניט. וואָס קאָן מען ריידן ביים טאַנצן ?
— זינט איך קען אים יאָגט ער זיך נאָך מיידלעך.
— איך בין דאָך ניט קיין מיידל...
— וואָס האָט ער אַזוי געקוקט אויף דיר ?
— אשר, זיי דאָך ניט קיין קינד. וואָס האָט ער גערעדט, וואָס האָט ער געקוקט. אַ לעבעדיקער מענטש מיט אַ מויל, מיט אויגן, רעדט ער ,קוקט ער...

אשר האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט אויפגעגעבן. דאָס ערשטע מאָל זינט ער איז מיט חנהן, האָט די פּאַרקראַטעוועטע מחשבה וועגן זיין מצב זיך באַפרייט פון איר נעסט, ווייט אין די געהירן, און אַ פּאַכע געטאָן מיט שוואַרצע פליגל האַרט ביים פּנים. אָט קאָן זי נאָך צוגעבן : אַ לעבעדיקער מענטש מיט פיס... מיט...

די רעדער פון אינוואַלידן-שטול האָבן געעפנט פאַר זיי די טיר.

*

אשר זיצט ביי די לערן-ביכער און זיין קאָפּ איז ניט דערביי. ער געדענקט יעדן וואָרט פון נעכטיקן איבעררייד מיט חנהן און ער זעט זיי אויף די בלעטער פון דער טריגאָנאָמעטריע. די ווערטער זענען נעכטן געפאַלן ווי שווערע רעגן-טראָפּנס פון אַ ברעג דאַך און ס'איז געבליבן נאָך זיי אַ קאַלטער ציטער. האָט ער די גאַנצע צייט געלעבט, ווי יעדער אינוואַליד, אין אַ גן-עדן פון טפשים ? און ער איז געוועזן זיכער, אַז ס'איז ניט אַזוי. ער איז גלייך מיט אַלע, בלויז וואָס די פיס דינען אים ניט. ער פירט אַן אויטאָ, ער פאַרנעמט זיך מיט פאָטאָגראַפיע, ער פאַרט איינקויפן, ער פאַרריכט שלעסער, ער לערנט. אַ קראַנקער מענטש קאָן דאָס אַלץ טאָן ? אַנשטאָט פיס האָט ער דעם רעדער-שטול. אָבער ער איז ניט קראַנק. ער בעט ביי קיינעם ניט קיין הילף. ער איז געזונט, ער איז...

ניט בלויז די רייד פון נעכטן געדענקט ער. ער געדענקט אַפילו ווי זי איז דאָן געשטאַנען, פון וועלכן ווינקל צימער ס׳איז דער־גאַנגען צו אים חנהס איבערגעבראָכן קול. אַ גאַנצן אָוונט איז זי ניט צוגעגאַנגען צו אים. דער אומעט האָט איר פאַרוואָרפן אַן אומזעבאַרע שטריק אַרום האַלדז און זי געשלעפּט איבערן שטוב. אשר האָט זי געפרעגט וואָס דריקט איר, האָט זי אים ניט גע־ענטפערט. ס׳וואָלט שוין בעסער געווען ער זאָל פאַרשווייגן איר שווייגן, אָבער דאָס האָט האָט זיך שוין וואָכן געצויגן. ער האָט געמוזט וויסן וואָס איז געשען, ווי זענען אַנטרינען געוואָרן אירע נאַכטיקע קושן, איר געפליסטער אינעם חושך? און אַז ער קאָן זי ניט איינדריקן צווישן זיינע קני, איז ער קיין מאַן ניט? דער פאַר־דראָס האָט אים געשטיקט און ער האָט געמוזט ריידן.

— זינט יענער מסיבה גייסטו אום ווי הינטער אַ וואַנט.

— . . .

— דער סערזשאַנט האָט דיך צעטומלט.

— . . .

— קאָנסט אָפּריידן מיט אים צו גיין טאַנצן.

— אשר...

— יאָ, אשר, אַזוי הייס איך. כ׳האָב דיך ניט געצוווּנגען. דו ביסט געקומען אין שפּיטאָל...

— אשר, צו וואָס אָט די רייד?

— צוליב דעם זאָלסט ניט אומגיין איבערן שטוב ווי אַ קרבן.

— . . .

— איך דאַרף ניט קיין קרבנות.

— דו דאַרפסט יאָ.

די הענט טוען אים נאָך ווײ פונעם נעכטיקן צוזאַמענדריקן די ניקלנע רעדער־רייפן. עס שטייט נאָך אין זיינע אויערן דאָס אייגענע געשריי:

— ניט איך!... איך וויל ניט זיין פאַר דיר קיין נכה!.. איך וויל ניט!...

חנה האָט זיך באַמיט צו ריידן געלאַסן. ווי געטראָטן פאַרזיכטיק איבער אייז, ניט אומצופאַלן, אַזוי האָבן אירע ווערטער געזוכט צוצוקומען צו אשרן, וואָס איז געזעסן אין זיין רעדער-שטול מיט אַן אַראָפּגעזונקענעם קאָפּ.

— ...אָבער ביסט אַ נכה. כ׳בין מיט דיר, ווייל דו ביסט מיין אשר, ווייל כ׳האָב דיך ליב, נאָר פאָדער ניט איך זאָל זיין גליקלעך, וואָס דו זיצסט אין אַן אינוואַלידן-שטול... פאָדער ניט איך זאָל שיינען פאַר פרייד...

אשר זיצט איבערן לערנבוך און די אותיות פינטלען צו אים מיט גאַנצע שורות שוואַרצאַפּלען. ער פאַרשטייט ניט זייער מיין. אפשר דאַרף מען קוקן אויף זיי אַנדערש? אפשר דאַרף מען אָנהייבן קוקן אויפן גאַנצן לעבן אַנדערש? אפשר דאַרף מען עס אָנהייבן זען זיצנדיקערהייט אויף אַט דעם רעדער-שטול?...

אשר האָט איינגעדרימלט. אין חלום גייט ער איבער אַ גאַס, וואָס די מלחמה האָט זי ניט אָנגערירט. הייזער שטייען ציגל אין ציגל. די גאַס איז פאַרשלייערט אין אַ וואַרעמען ליכט. ביים ראָג שטייט חנה אַ צעשמייכלטע. גייט ער צו איר און דער טראָט איז אַזוי לייכט, אַזוי לייכט...




... אָט האָט ער שוין געדאַרפט זיין מיינער

# כפר עציון

...אַזוי ווי איצט בין איך געשטאַנען מיט צוואַנציק יאָר צוריק אַ פאַרלאָרענע אין האָרץ פון ירושלים. די מומע, מיין גאַנצע האָפנונג, האָט מיר דאַן געהאַט אויפגענומען מיט אַ גלאָז לעבלאַך טיי. צווישן איין שלוק און דעם אַנדערן האָב איך געדאַרפט ענט־פערן פאַרוואָס האָב איך זיך אַזוי געאײַלט צו פאָרן אַהער. די גליקן אין ארץ־ישראל פאַרשפּעטיקט מען קיינמאָל ניט. אַ חמסין אין ירושלים קאָן שפּאַלטן שטיינער. איך בין קוים אַריינגעפאַלן אין דער מומעס קילער שטוב מיט די האַלב־פאַרמאַכטע לאָדן, גלייך פון דער שיף צו איר. איצט האָט זי מיך געפרעגט וואָס איז געווען דאָס איילעניש. אינעם לאַגער פון די עולים האָבן מיר די מיידלעך מקנא געווען — כ׳האָב וועמען אין לאַנד. זיי זענען געווען זייער עלנט, אַלע געראַטעוועטע פון די געטאָס, פון די וועלדער. גאָרניט האָט זיי געפרייט. ניט דאָס שטיקל ים, ניט די איטאַליענישע שקצים פונעם שכנותדיקן דאָרף, וואָס האָבן זיי געוואָלט געווינען מיט זינגענדיקע, אומפאַרשטענדלעכע רייד. דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן געגאָרט, איז געווען אַ וואָרט פון אַן אייגענעם. האָבן זיי מיך מקנא געווען — איך וועל עס האָבן.

דער מומעס פראַגע ווו וועל איך נעכטיקן האָט מיר געפונען ביי דער אַרויסגאַנג־טיר. כ׳האָב ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס האָט זי מיך אַזוי אויפגענומען. אפשר האָט זי זיך גערעכנט אויף מתנות פון אייראָפּע? ס׳האָט אויסגעזען ווי פאַר איר האָט זיך ערגעץ די צייט געהאַט איבערגעריסן. ניט קיין דייטשן, ניט קיין מלחמה, קיינע פאַרקראַטעוועטע עשאַלאָנען, פול געפּאַקט מיט פאַרשיקטע, ווי ביליקער פראַכט. די מומע האָט מיך געהאַט אויפגענומען, ווי איך וואָלט ערשט געקומען פון דער היים, אינעם פּוילישן שטעטל, פאַר־

זאָרגט דורך טאַטע-מאַמע מיט געלט און ברכות אויפן וועג קיין ארץ-ישראל. איך האָב איר דערציילט, ווי כ׳בין געבליבן שטעקן אינעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה מיט אַ קלאַס קינדער אויף אַ ווייטער באַן-סטאַציע און זיך שוין מער ניט געקאָנט אומקערן אַ היים פונעם זומערדיקן אויספלוג. איך האָב איר דערציילט וועגן חורבן, און זי האָט דערביי צוגעקרעכצט:

— אַלץ אַוועק... אַלץ... די מענטשן, דאָס האָב און גוטס...

די מומע איז געפאָרן קיין ארץ-ישראל טאָן אַ שידוך. זי איז תמיד געווען זייער פאַרצאָגט, ווי דאָס לעבן וואָלט איר ניט געהאַט אויסגעטיילט דעם ריכטיקן חלק. קיינער אין שטעטל איז איר ניט געווען געפעלן. זי האָט זיך שוין געהאַט צוגעגרייט ביי אונדז אין שטוב אַ צימער פאַרזעסן צו ווערן — אויסגענייטע קישעלעך, גרינע פאַרהאַנגען, פילן צו קאַפּווייטיק. האָט איר מיין טאַטע, איר ברודער, אַרויסגעשטופּט קיין ארץ-ישראל. כ׳געדענק זיין פרייד ביים לייענען אַ בריוו מיט דער ידיעה, אַז זי גייט חתונה האָבן מיט אַ גריכישן יונגנמאַן, און זי דאַרף געלט.

כ׳האָב דער מומען ניט געפרעגט ווו איז איר מאַן, און זי האָט מיר ניט דערציילט וועגן אים. אין צימער איז געשטאַנען דער זעלבער אַלט-מיידלשער ריח, ווי אין דער היים. אַפילו דער זעלבער טונקל, מיט דעם אונטערשייד, וואָס דאָ האָבן די האַלב-פאַרמאַכטע לאָדן געפונען זייער תיקון ביים צוריקהאַלטן דעם חמסין. ער האָט געפּרעסן דעם דרויסן מיט הייסע ציינער.

כ׳דערמאָן זיך דאָס אַלץ, שטייענדיק אין ירושלים נעבן דער אַלטער אויטאָבוסן-סטאַציע אויף דער יפו-גאַס. מיט צוואַנציק יאָר צוריק, אין ניינצנזיבנאונפערציק בין איך דאָ געשטאַנען מיט מיין אָפּגעקראָכענעם רענצל, און ניט געוווּסט וואַהין צו פאָרן צוריק. דאָס גאַנצע לאַנד איז געשטאַנען פאַר מיר אָפן, נאָר אין ערגעץ האָט קיינער אויף מיר ניט געוואַרט. כ׳האָב געמיינט צו געפינען אין דער מומען אַ שותפטע צו מיינע זכרונות. זי האָט אָבער ניט געזען דער מאַמעס צעפליקטן, שבתדיקן שאַל זיך וואַלגערן צווישן פאַר-

קוילטע בעלקעס. פאַר איר האָט נאָך דער עפּלבוים אין אונדזער גאָרטן געאָטעמט מיט ווייסער קילקייט. זי האָט זיך זייער נאָכגע-פרעגט אויף אים.

איך האָב דעם אָפּגעהאַקטן עפּלבוים צוריקגעפונען, טאַקע אין ארץ-ישראל. כ׳וואָלט קיינמאָל ניט געוווּסט, אַז ער לעבט, ווען אַ בחור, אַ ווילדפרעמדער, וואָס איז מיר דערנאָך געוואָרן נאָענט ווי מיין אייגענע הויט, פירט מיך ניט אַוועק צו זען אים, דעם עפּל-בוים, אין זיין פולן בלי. אין חדשים אַרום האָט דער בחור זיך נאָך אַלץ געהאַט געוווּנדערט, ווי איך האָב אים געטרויט און פאַרלאָזט ירושלים צוזאַמען מיט אים. ווען ער האָט זיך געווענדעט צו מיר אין עברית, און איך האָב אים געזאָגט אפשר יידיש, האָט דאָס מאַמע-לשון צווישן אונדז זיך אָפּגערופן מיט דעם קלאַנג פון די רעגנטראָפּנס אויף די שויבן פונעם טאַטנס שטוב. כ׳בין געווען אַ קינד פון מלחמה. מענער זענען ניט געווען פאַר מיר קיין רע-טעניש. ער האָט מיר גערופן צוזאַמען עפּעס אויסטרינקען, בין איך געגאַנגען. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער לעבט אין אַ יישוב, ניט ווייט פון ירושלים. דער ברעג, מיט וועלכן ער האָט דערציילט וועגן זיין וויינאָרט, האָט געקילט דעם אויסגעגאָסענעם חמסין. מיט אַ פינגער האָט ער געצייכנט אויפן פייכטן טישל פון דעם אָרעמען סאָדעוואַסער-קרעמל אַלע רייכטימער פון זיין בשותפותדיקן פאַר-מעג. דאָ איז אַ וויינגאָרטן, און פון דער אַנדערער זייט שטייען פּרוכט-בוימער. אַרום און אַרום וואַקסן בלומען. אויף יעדן בערגל וואַקסן בלומען. אויך אַ וואַלד פלאַנצן זיי, קעגנאיבער דעם אַראַ-בישן דאָרף. און אָט שטאַמען מיר פון די זעלבע קאַנטן, און...

כ׳בין אַוועקגעפאָרן מיט אים. ער האָט מיר געבראַכט אין כפר עציון.

## אַ. קאַרפּינאָוויטש

*

אין אַ פּאָר חדשים אַרום בין איך דאָרט געווען אַ היימישע. אַלע האָבן מיר גערופן די פּוילישע אסתר, און די קינדער האָבן זיך געשושקעט, אַז ראובן דער שמיד האָט מיר געפונען צווישן די אויטאָבוסן אין ירושלים. כ'האָב געאַרבעט ווו מען האָט מיר געשיקט — אַ מאָל אין גאָרטן, אַ מאָל אין קיך. ראובן האָט אַוועקגעשטעלט פאַר מיר אַ בעטל אין אַ קעמערל מיט נאָך צוויי מיידלעך און געלאָפן אַלע אָוונט זען צי איך בין נאָך דאָ. כ'האָב אים געזאָגט, אַז כ'וועל זיך אָפּרוען און דערנאָך וועל איך פאָרן זוכן ערגעץ זיך איינאָרדנען. ער האָט ניט דערווידערט, בלויז צוגעשאָקלט מיטן שוואַרצן בערדל, וואָס האָט איבערגעלאָזט אויף זיין פּנים אָרט בלויז פאַר די אויגן, דעם שטערן, אַ נאָז אַ ברייטלעכן, און שטיקלעך ראָזע באָקן, ווי אָפּגעביסענע פּערסיקעס. און וואָס ווייניקער ער האָט מיר צוגערעדט צו בלייבן, אלץ ווייטער האָב איך אָפּגערוקט מיין אָפּפאָר. אָט האָב איך אין אָוונט איינגעפּאַקט מיין ביסל אָרימקייט. די אונטערהייזלעך, אַ ביוסטהאַלטער, עטלעכע פאָר זאָקן, צוויי בעסערע קליידלעך און כ'בין גרייט אין וועג. אין דער פרי לייג איך עס אַלץ צוריק אַריין אין דער שאַפקע, וואָס ראובן האָט מיר פאַרשאַפט.

אָפּגעאַרבעט אַ טאָג אין קיך, אויסגעשייערט דאָרט אַלע טעפּ, זיץ איך אַן אַרומגעוואַשענע נעבן דעם צריפל און איך טראַכט וואָס ווייטער. כ'האָב אין מלחמה-צייט געניט מיליטערישע בלוזעס. כ'וועל אַוועקפאָרן קיין תל-אביב, זיך נאָכפרעגן אויף אַרבעט און זיך זעצן ווידער ביי דער מאַשין. דאָ איז אַלץ אַזוי ניט פאַרשטענדלעך. ס'האָבן זיך אויפגענומען בחורים מיט מיידלעך, אַלע פרום, רייִדן מיט גאָט, און ווילן בויען אַ ווירטשאַפט. קיינער צאָלט ניט און קיינער בעט ניט. אַלע אַרבעטן און עסן ביי איין טיש. פון פאַרטאָג שלעפּן די מענער שטיינער, רייניקן דעם באָדן, האָרעווען ביזן זיבעטן שווייס. ראובן זאָגט, אַז איצט איז שוין גאָלד. אין

נײַנצנדרײַאונפערציק זענען זײ דאָ געקומען, אַ מאַן צען, און אָנגע-הויבן צוגרײטן דעם פּלאַץ. כ׳האָב אים געפרעגט צוליב וואָס האָט מען דווקא אויסגעקליבן אַזאַ פּלאַץ, ווו פון די שטיינער זעט מען קוים אַרויס די ערד. האָט ער אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגן. אַ רגע האָט ער געזוכט דעם ריכטיקן ענטפער. כנראה, אַז די תשובה איז געלעגן הינטער דער באַרג-קייט, וואָס האָט אַרומגע-רינגלט דעם יישוב, ווייל דאָרט האָט ראובן פאַרוואָרפן זײַן בליק.

— מען האָט אויסגעקליבן דעם פּלאַץ, ווייל דאָ דאַרפן זיצן ייִדן...

אין די פּאָר יאָר האָבן זײ אויסגעבויט טעראַסעס, די ערד זאָל ניט אָפּפאַלן, געפּלאַסטערט וואַסער-באַסיינען, אויפגעשטעלט אַ שטאַל און הינער-שטייגן. איצט האָבן זײ געפּלאַנט צו פאַרלייגן אַ שטיינהאַקערײַ. איך האָב נאָר געטראַכט וויפל פאַרשיקטע וואָלט מען געדאַרפט אַהער צוזאַמענטרייבן, כדי דאָס אַלץ אויפצובויען. דאָ זענען געקומען אַ הייפל בחורים מיט מיידלעך און אַן אַ וואָך איבערגעגראָבן אַ שטיק רויען באַרג, ניט צו דערקענען. אַרום און אַרום גרויט דער שטייניקער שטח. ער איז גרוי פון די שטיינער, וואָס דערמאָנען צעטראָגענע אָניצעס. בלויז דאָרט ווו ראובן מיט זײַניקע האָבן צוגעלייגט אַ האַנט, גרינט.

איך שטיי אויפן ראַנד פון דאָרף. דער פריאָוונט האָט שוין באַלד אויפגעגעסן אַ האַלבע זון. שאָטנס גנבענען זיך צווישן די סאָסנעס, שיטער צעשטעלט אויף די היגלען, וואָס ציען זיך ביז חברון. די ווילדע מאָן-בלומען צווישן די פעלדזן פאַרלירן זייער רויטן קאָליר. זײ זעען אויס אין דעם האַלבליכט ווי שטיקער אָפּגע-קילט בלוט. ביז עס גיט אַ פאַל דער אָוונט. זע איך די גאַנצע מי, וואָס ליגט צעשפּרייט מיר קעגנאיבער. דעם ווײַנגאָרטן, דעם אייל-בירט-וועלדל, די פּרוכטבוימער, און ביים עק דאָרף — די שטאַלן מיט דער קוזשניע, ווו ראובן איז באַלעבאָס.

נעכטן האָט ער ווידער גערעדט מיט מיר. זײ ווילן פאַרגרעסערן דעם שניידער-וואַרשטאַט. איך וועל לערנען די מיידלעך נייען

העמדער. מ׳וועט טאָן אַלץ וואָס איך וועל בעטן; אָבער מיר ציט עפּעס ניט. כ׳האָב זיך אויסגעוואַלגערט אין די מלחמה-יאָרן, ניט געהאַט קיין אייגענעם ווינקל. אויף פאַרשיקונג, אין די אַרבעטס-לאַגערן האָט מען זיך געריבן איינער אָן אַנדערן. נאָך אַזוי פיל יאָרן האָב איך געוואָלט האָבן אַן אייגענעם טיש. כ׳האָב ראובנען ניט געגעבן קיין קלאָרן ענטפער. מ׳עט זען. אויסער דעם זענען זיי דאָ אַלע פרום, אַפּגעהיט אין די דינים. כ׳האָב דאָ וועז, בעתן אַרבעטן אין קיך, אַוועקגעשטעלט אַ מילך-קאַן ניט אויפן ריכטיקן אָרט, האָט די אויפזעערין אַ גאַנצן טאָג געבורטשעט. איך האָב אין דער מלחמה פאַרלאָרן מיין ייִדישקייט. אויסער דעם לשון איז מיר גאָרניט געבליבן. ווען מען ליגט אויף דער לאַגער-פּריטשע און דער הונגער עסט דעם אינגעווייד, פאַרגעסט מען דעם אָפּ-שטאַם. ראובן, זיינע חברים, זענען געקומען אַהער פאַר דעם קריג, האָבן זיי באַוויזן מיטצונעמען דעם טאַטנס נוסח. וועל איך זיך קאָנען אַריינפּאַסן אַהער? וואָס ווייס ער, ראובן, וועגן מיר? וואָס ווייס ער וועגן בלייבן אַליין אין דער פּראָסטיקער, פּרעמדער וועלט, אַ פּופּצניאַריק מיידל, אָן אַ גראָשן, אָן אַ גואל? זאָל איך אים דערציילן וועגן אַלע רויע מאָרדעס, וואָס זענען געקראָכן מיך קושן? זאָל איך אים דערציילן ווההין עס טרייבט דער עלנט און דער הונגער? מען קלאַמערט זיך אָן יעדער בעט. וועל איך נאָך דעם אַלעם קאָנען לעבן צווישן די אָ בחורים און מיידלעך, וואָס זענען בשלמות מיט די געבאָטן?

אָט אַזוי רייד איך צו זיך און האָב ניט דעם מוט אַוועקצוגיין. פרייטיק צו נאַכט שטיי איך אין אַ ווינקל פון שול מיט אַ טיכל אויף די אַקסלען, און הער זיך צו צום דאַוונען. און ניט אַזוי הער איך זיך צו צום דאַוונען, ווי איך קוק זיך צו צו ראובנען. ער שטייט האַרט ביים ארון קודש, איינגעהילט אינעם טלית און זיין רוקן איז געבויגן ווי ביי מיין טאַטן, ווי ביי אַלע אונדזערע טאַטעס, וועמען מען האָט געטריבן צו די גריבער. ראובן שאָקלט זיך הין און הער און איך פאָלג נאָך דעם וועג פון זיינע ברייטע אַקסלען.

זיי פירן מיך אַוועק צוריק אַ היים, צו מיין שטעטל אין פּאַלעסיע, צו דער מאַמעס בענטש-ליכט — צו אַלץ, וואָס איז צעבראָכן גע-וואָרן און די שפּליטערס זייערע שטעקן טיף אין האַרץ. נאָר אַ רגע וועל איך דאָ, אין דער קיבוצישער שול, אויסשרייען מיין גאַנץ צעפּלינדערט לעבן. איך וועל אויסשרייען — דערמאָנט ניט !...
און איך גיי אַרויס צום שטילן חושך.

*

יענעם פרייטיק צו נאַכט איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך לייג אָפּ מיין אָפּפאָר פון כפר עציון צוליב ראובנען. מיר זענען געזעסן ביים טיש אינעם עס-צימער. די מענער האָבן געזונגען זמירות. ראובן האָט מיט דער רעכטער האַנט שטיל צוגעקלאַפּט צום טאַקט אויפן ווייסן טישטוך. דער שבת האָט געפינקלט אין זיינע אויגן. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט. אַ פרייד, אַ פאַרביקער פויגל, האָט מיך באַרירט מיטן פליגל. כ'האָב פאַרדריקט זיין לינקע האַנט אין מיינער און עטלעכע מינוט זענען אונדזערע פינגער געלעגן הייס פאַרקלאַמערט אונטערן טיש, ווי יונגע גופים ביים ערשטן ביישלאָף.

ווען איך דערמאָן זיך יענעם פרייטיק צו נאַכט, פיל איך אויף מיינע באַקן זיין וואַרעמען אָטעם. ס'איז געווען אַ קילע נאַכט, מיר זענען געזעסן ביז שפּעט צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן. ראובן האָט מיר דערציילט וועגן זיין טאַטן, דעם רב, וואָס האָט אים ניט געלאָזט פאָרן קיין ארץ-ישראל. ווי ער איז דאָ אָנגעקומען מיט אַ גרופּע ישיבה-בחורים, אַלץ קינדער פון אָרימע שטיבער, אויפ-שטעלן אַ יישוב.

דאָס יִדיש קייקלט זיך ביי ראובנען אויף דער צונג. איך הער זיך צו מער צום קלאַנג פון זיינע רייד, ווי צו זייער תוכן. ביז היינטיקן טאָג איז יִדיש פאַר מיר ניט סתם לשון, נאָר דער סאַמע

שורש פון היים. יאָרן בין איך געווען פאַרוואָרפן אין אַ פרעמדן שטייגער. כ'האָב געמוטיקט ראובנען ער זאָל מיר דערציילן נאָך און נאָך.

...זענען זיי דאָ געקומען אַהער, זיך פאַרקליבן אין אַ פאַרלאָ-זענעם מאַנאַסטיר און אָנגעהויבן אַ מלחמה מיט דער פעלזיקער ערד. פריער האָט מען נאָך געדאַרפט אויפשטעלן שטעכל-דראָט פאַרצוימונגען — אַ סגולה קעגן די פיינטלעכע אַראַבער. יענע זענען גאָרניט געווען גליקלעך פון גאַנצן עסק. זיי האָבן געמיינט, אַז די יידן זענען געקומען אַהער פאַרכאַפּן זייער גוטס. די ערשטע צייט זענען זיי געשטאַנען פון דער ווייטנס, געקוקט ווי מען שלעפּט אַ שטיין נאָך אַ שטיין און געשמייכלט; אָבער ווען זיי האָבן דערזען ווי ס'איז געוואָרן אַ פעלד און אַן אַקער רייסט זיין הויט, זענען זיי צוגעגאַנגען נאָענטער און אַפילו אויסגעשטרעקט אַ האַנט. ניט אַלע.

מען איז אָנגעקומען אַהער מיט ניט קיין לייכטן געמיט. חברים האָבן געטראַכט פאַרלייגן היימען, חתונה האָבן. איז געקומען דער פּלאַן צו גיין בויען אַ ווירטשאַפט אין די בערג. ס'איז ניט געווען קיין סתם בויען. מען האָט געהאַט אַ מיין דערביי — באַזעצן דאָ יידן. איז מען אַוועק. דערנאָך זענען געקומען אַנדערע גרופּעס און פון דעם פּלאַן וועגן איין ישוב איז געוואָרן פיר ישובים. די שכנים האָבן אָנגעהויבן זיך טשעפּען. מען האָט געמוזט אָנהויבן האַלטן אַ ביקס אין האַנט. אין די אַרומיקע דערפער האָבן זיך אָרגאַניזירט באַנדעס, אמתע גזלנים; אָבער וואָס? מען האָט זיך פאַרליבט אין דעם פּלאַץ. דער וואָס האָט געמיינט, אַז ער וועט זיך צוגעוווינען, האָט געמוזט אַוועקגיין. געבליבן זענען די פאַר-ליבטע. דאָ האָט מען געקאָנט אָנרירן גאָטס ווונדער מיט די צען פינגער. איידער מען איז אַרויס אויף דער אַרבעט, פלעגט מען זיך שטעלן דאַווענען אין פרייען פעלד. די בוימער האָבן מיטגע-דאַוונט. יעדעס מינדסט באַשעפעניש האָט נאָכגעזאָגט די תפילות.

אַזוי ווי ער האָט געהאַלטן אין דערציילן, האָב איך זיך דערפילט אַזוי נאָענט צו אַן אמתן מענטש, אַז כ'האָב אים אַריינ-

געכאַפּט אין מיינע אָרעמס, ווי אין פּחד דער חושך זאָל אים ניט פאַרשלינגען. ראובן האָט ניט געהאַט קיין גרויסע דערפאַרונג, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן. אויך זיינע הענט האָבן געשוויגן. נאָר דאָס האָט געדויערט קוים דאָס פאַלן פון אַ שטערן. שוין האָט ער געפונען מיינע ליפּן, מיינע באַקן, די אויגן. כ׳בין געלעגן אויפן גראָז אַ פאַרקלעמטע אין זיינע הענט, וואָס האָבן פריער באַוויזן צו באַפרייען מיינע בריסט פון דער שבתדיקער בלוזע. זיין באָרד האָט ווייך געריבן די אָנגעקוואָלענע ברוסט-וואָרצלען. הונ-דערטער שרעטעלעך האָבן באַרוועס געשפּרונגען אויף זיי, גע-טאַנצט אויף מיין לייב אַ שיכורן טאַנץ. כ׳האָב פאַרדריקט זיין דלאָניע צווישן מיינע שענקלען, כדי זיי ווידער עפענען, ער זאָל קאָנען צעשפּאַרן זיין מענלעכקייט אין מיר. כ׳האָב געגאַרט נאָך דעם תענוג פון פילן זיין גאַנצע משׂא אויף זיך. ס׳איז אָבער צו דעם ניט געקומען. אָט האָט ער שוין געדאַרפט זיין מיינער, איז ער אַוועק און מיך איבערגעלאָזט אַליין. ער איז כמעט אַנטלאָפן פון מיר. איך בין נאָך לאַנג געלעגן אַ צעברויזטע אויפן גראָז.

אַ גאַנצן שבת האָט ער מיך אויסגעמיטן. כ׳האָב מורא געהאַט אפשר האָב איך אים מיט עפּעס פוגע געווען. נאָך הבדלה, ביים אַרויסגאַנג פונעם עס-צימער, ווו איך בין בכיוון געשטאַנען, ער זאָל זיך מוזן אָנשטויסן אויף מיר, האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן:

— אסתר, כ׳מיין מיר דאַרפן שטעלן אַ חופּה...

*

קיין חופּה האָבן מיר ניט געשטעלט. ס׳זענען אויסגעבראָכן די אומרוען. דאָס שטיקל אויסגעפּלאַנט גליק איז צעריבן געוואָרן דורך די טאָג-טעגלעכע דאגות. גלייך ווי די פעלקער האָבן באַשטימט, אַז ס׳דאַרף זיין אַ יידישע מדינה, האָבן זיך אָנגעהויבן

די שיסערייען אויפֿן משק. איך געדענק יענעם רעגנדיקן נאָוועמ-בער-טאָג אין כפר עציון. די קינדערלעך זענען אַרויסגעלאָפֿן צום קאַלטן דרויסן און געפּליעסקעט מיט די הענט — מדינה... מדינה... ראובן מיט זייניקע זענען אַוועק אין שול דאַנקען דעם אויבערשטן פֿאַר אונטערזאָגן די אומות העולם יענע זאַלן שטיין אויף אונדזער זייט. און איך בין געשטאַנען אַן איינגעדרייטע אין מיין וואַלענעם יאַק, וואָס כ׳בין געווען זיכער, אַז אין ארץ-ישראל וועט ער מיר קיינמאָל ניט נוצן, און געציטערט, ניט אַזוי פֿון דער קעלט, ווי פֿון דעם אומרו פֿאַר דאָס אַנקומענדיקע. ראובן האָט געהאַט פֿאַרבינ-דונגען מיט די אַראַבער פֿון די אַרומיקע דערפֿער. ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט אַ וואָרט, וואָס איז מיר אַריין אין קאָפּ — זיי וועלן ניט נאָכלאָזן. דוכט זיך, כ׳האָב זיך געדאַרפֿט פֿרייען, אַזאַ גע-שעעניש, אַזאַ חלום איז מקוים געוואָרן. ראובן, איסר, דוד — אַלע זיינע חברים זענען אַרומגעגאַנגען פֿאַרטראַכטע, מיט ברייט אויפֿ-געריסענע אויגן, ווי דער נס פֿון דער מדינה וואָלט געשוועבט האַרט איבער זייערע קעפּ. און מיר האָט בלויז דער נייגיר געריצט — ווי וועט עס זיין? ווי וועט עס אויסזען? ווי ביי אונדז אַמאָל אין פּוילן? מיט גענערעלער? מיט וואָיעוואָדעס?...

*

איך קום אַמאָל אַריין צו ראובנען אין קוזשניע, זע איך ווי ער שטייט ביים שרובשטאָק און שלייפֿט אַ צאָנראָד און נעבן אים זיינס אַ ידיד, אַן אַראַבער פֿונעם שכנותדיקן דאָרף בית אומאר. איך האָב דעם אַראַבער געקאָנט, סולימאַן איבן יוסוף האָט ער געהייסן. אין משק האָט מען פֿאַריידישט זיין נאָמען אויף סולימאַנקע. ער פֿלעגט אָפֿט קומען צו ראובנען מיט פֿאַרשידענע אַרבעטן. אַ הויכער יונג מיט אַ ראַסאָוון פּנים. די קעפֿיע, דעם קאָפּצודעק, האָט ער געטראָגן מיט אַזאַ שטאָלץ, ווי עמיץ אַנדערש אַ צילינדער. זי האָט

געבלאַנקט פון ריינקייט. אַרום און אַרום איז ער געווען אָנגעטאָן ווי אַ מענטש, ניט ווי די פּעלאַכן אין די צעריסענע, אויסבראַקירטע שינעלן, וואָס האָבן אַדורכגעשלייכט דאָס דאָרף אויף כאַפּן אַ פּאָר נעגל צו אַ פּאַרזשאַווערטן בלעך. דער האָט זיך תמיד געהאַלטן זייער ווירדיק, מיט אַבי-וועמען זיך ניט אָפּגעשטעלט. אַ מיידל, אַז ס'האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט, פלעגט ער יאָ פאַרטשעפּען, אָבער אָנשטענדיק, מעשה קאַוואַליער, מיט פאַרשפּיצן דערביי די פריצישע וואָנסן. ער האָט ניט שלעכט גערעדט עברית. אַזוי האָט מיר ראובן געזאָגט.

כ'בין אַריין אין קוזשניע, האָבן זיי איבערגעריסן דעם שמועס. עס האָט געמוזט זיין זייער אַ שאַרפער איבעררייד. כ'האָב ראובנען קיינמאָל ניט געזען אַזאַ. ער האָט פאַרביסן געפיילט דאָס צאָנראָד, וואָס סולימאַן האָט געבראַכט, און ניט אויפגעהויבן די אויגן צו מיר. דער אַראַבער האָט עפּעס געזאָגט ראובנען, געשמייכלט דערביי, אָבער ראובן איז געבליבן ביי זיין שווייגן.

אין אָוונט זיצן מיר אין זיין צימער. איסר, זיין מיטוווינער, איז אַוועק אויף שמירה, און איך וויל וויסן וועגן וואָס איז געווען דאָס גערייד בייטאָג אין דער קוזשניע, אָבער ראובן וויל מיר אָפּפּטרן. — סולימאַן האָט געזאָגט, אַז דו ביסט אַ יפת תואר, און איך האָב מסכים געווען מיט אים... ווי די מענער זענען דאָס פאַרנאַרישט. יעדע בלאָנדינקע מיט אַ קורצן נעזל, ווי נאָר, אַז זי גייט אויף אַ פּאָר הויכע פּיס, איז זי פאַר זיי אַ יפת תואר... אמת, קיין מיאוסקייט בין איך ניט געווען, אָבער צו אַ שיינהייט איז נאָך געווען ווייט. כ'האָב שוין דאָן געהאַט שווערלעכע היפּטן און די טאַליע האָט אויך גע-מעגט זיין שמעלער. כ'האָב זיך ניט געלאָזט אַראָפּפירן פון וועג און געמאַטערט ראובנען, ער זאָל מיר דערציילן וואָס איז געווען.

אַזוי פלעגן מירריידן וועגן אונדזערע ענינים. ראובן האָט שוין געהאַט געמאָלדן, אַז מיר גייען חתונה האָבן און אונדזערע שמועסן האָבן זיך געדרייט אַרום די הכנות צו דעם. דאָס מאָל האָבן מיר אַ גאַנצן אָוונט גערעדט וועגן סולימאַנען און וואָס ער האָט געזאָגט.

געזאָגט האָט ער, אַז ראובן זאָל פאַרלאָזן דאָס דאָרף. די אַראַבער אַרום גרייטן זיך חרוב צו מאַכן די גאַנצע יידישע געגנט, אָפּמעקן עס פון דער ערד. ער וואָרנט אים, ווייל מען איז באַפריינדעט, ווייל ראובן האָט קיינמאָל ניט אָנטזאָגט אַ טובה אַן אַראַבישן שכן. ראובן האָט זיך געהאַט אַזוי אויפגערעגט בעת ער האָט עס מיר דערציילט, גאָרניט ווי זיין טבע. ער איז אומגעגאַנגען הין און צוריק איבערן קאַמער און גערעדט ניט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר סולימאַנען.

— זאָג איך אים, וואָס הייסט מען וועט חרוב מאַכן אונדזער היים? און מיר, מיינסטו, וועלן שווייגן? ענטפערט ער — איך ווייס, אַז איר וועט ניט שווייגן. וועט זיין מלחמה. און דו וועסט גיין קעגן אונדז? — כ׳וועל מוזן, כ׳בין אַן אַראַבער. דאַרפסט פאַרשטיין, אַז קיין יידישע מדינה קאָן ניט זיין און וועט ניט זיין. ס׳איז אַראַבישע ערד. פרעג איך אים: האָסטו געזען וואָס מיר האָבן דאָ אויפגעטאָן? ענטפערט ער — פאַר דעם טאַקע האָבן מיר מורא. מיר וועלן אייך קיינמאָל ניט קאָנען אָניאָגן. איר וועט אונדז איינשלינגען. אויסער דעם האָבן מיר אַנדערע פלענער. יענע פלענער זעען ניט פאָר קיין יידן צווישן אונדז. זאָג איך אים — סולימאַן, וועסט זען, ס׳וועט זיין אַ יידישע מדינה, אויך פאַר דיר. כאַפּט ער מיר אָן ביי די הענט, דריקט מיר די פינגער צום צאָנראַד און צישעט צווישן די ציין:

— ראובן, נעם מיין שאַבריע און האַק זי מיר אַריין אין האַרץ, איידער איך זאָל דאַרפן דיר זען אַ צעשניטענעם דאָ אויפן הויף. ווען איך בין אַן אומגלויביקער, אַ קריסט, קני איך פאַר דיר זאָלסט נאָכקומען מיין בקשה און אַוועקגיין פון דאָרף...

און אַזוי ווי ראובן זאָגט עס, כאַפּט זיך אַרויס ביי מיר:

— אפשר טאַקע? אפשר...

און ראובן שרייט, ווי דערוויטערט פון מיר אויף מיילן:

— אַוועקגיין? כ׳בין דאָ געקומען פון די ערשטע, זאָל איך אַוועקגיין? כ׳האָב דאָ מיין לעבן אַוועקגעלייגט. יעדער פאַרפלאַנצ-טער בוים האָט געקאָסט בלוט. די שטיינער דאָ אָטעמען מיט אונ-

דזער שווייס! זאָל איך אַוועקגיין? זיי פריי מאַכן דעם וועג צו ירו-שלים? כ׳וועל באַדיי זיך איינבייסן אין דער ערד, כ׳וועל זיך איינ-שטשעמען אין יעדן וואָרצל און פון דאַנעט ניט גיין! כ׳וועל...

דער רעגן האָט געקלאַפּט מיט בלייענע טראָפּנס אינעם בלע-כענעם דאַך. אַ בליץ האָט אַ וואָרף געטאָן אַ שטיק קאַלטן ליכט אין פענצטער אַריין. דער דונער האָט פאַרשריגן ראובנס לעצטע ווערטער.

כ׳האָב אַריינגעלייגט מיין פּנים אין זיינע דלאָניעס. זיי האָבן געציטערט אַ שטילן ציטער, ווי די בלעטער פון אַ ציקלאָמען פאַר-טאָג אין די בערג.

*

כ׳בין געקומען קיין כפר עציון זומער. כ׳האָב דעם דאָרף באַוויזן צו זען אין שניי. דער שניי איז געלעגן דין צעשאָטן איבער די פעל-דער, ווי אַ צעריסענער ליילעך. כ׳האָב געוואָלט דורך דעם שניי זיך דערמאָנען דאָס שטעטל, אָבער כ׳האָב ניט מצליח געווען. דאָרט איז ער געפאַלן הויך אויף די דעכער, אַזש די קראָקוועס האָבן גע-קרעכצט. דאָ איז פון אונטער אים אַרויסגעקראָכן ווו אַ שטיין, ווו אַ וואָרצל.

די קינדער האָבן זיך אין דעם שניי ניט געשפּילט. זיי זענען ניט אַרויס אין דרויסן. זיי האָבן צוגעפּלעטשט די נעזלעך צו די קאַלטע שויבן פונעם קינדער-צימער און געבענקט פון דער ווייט צו דעם ווייסן ווונדער. אַ טאָג פריער האָט מען געהאַט באַשלאָסן זיי אַריבערצופירן קיין ירושלים צוזאַמען מיט די מאַמעס און די עלטערע לייט. שוין לאַנג ווי דער משק האָט ניט געהאַט קיין רואיקע מינוט. ס׳איז געווען ווי סולימאַן האָט פאַרויסגעזאָגט. די אַראַבישע שכנים האָבן זיך אויפגערעדט אומצוברענגען די יידישע יישובים. ראובן איז ארומגעלאָפן מיטן געווער אין האַנט, געגעבן קאָמאַנדעס. ווו איז אַהינגעקומען דער מיושבדיקער יונגערמאַן מיט דער שוואַר-

צער באַרד? ער האָט געשריען און מען האָט אים געפּאַלגט. די גראַב-טראַנשייען און די צי שטעכלדראָט, און די פאַרגרייט קוילן. און אַלץ אויף אַ קול. כ׳האָב מורא געהאַט צוצוגיין נאָענט, ווען ער איז מיט זיינע חברים, טאָמער איז עס ניט לויטן רעגולאַמין. אָבער שפּעט-אָוונט, ווען ער שטעלט אַפּ דעם ביקס אין אַ ווינקל און קרעכצט אויס — אוי, רבונו של עולם — ווייס איך, אַז דער קאָמאַנדיר איז בלויז פון אויבן, ווי אַ כאַלאַט פאַר אַ שטויביקער רייזע. באַלד וועט ער מיר אַרומנעמען מיט זיין טרויעריקן, מידן בליק און אפשר געבן אַ שמייכל.

ראובן האָט געפאָדערט איך זאָל פאָרן צוזאַמען מיט די קינדער. כ׳וועל איבערוואַרטן ביי דער מומען די סכנה. מען דאַרף ניט שפּילן ברוגז. ס׳קאָן זיין כ׳האָב איר געטראָפן אין אַ שלעכטער רגע. איך האָב אָבער פון דעם אָרט ניט געקאָנט אַוועק. אַזוי ווי אין די ערשטע טעג פון מיין זיין דאָ האָב איך אויף אים געקוקט ווי אַ זייטיקע, אַזוי בין איך פאַר די פאַר מאָנאַט אריינגעקנאָטן געוואָרן אינעם משק. כ׳האָב אָנגעהויבן קוקן אויף אַלץ, ווי מיין האַנט וואָלט שוין לאַנג געווען אין דעם. ס׳האָט מיר אויך געשמייכלט דאָס שעפּטשעריי: ראובנס כלה... ער האָט זיך דאָ גערעכנט פון די וויכטיקע. צו זיינעם אַ וואָרט האָט מען זיך צוגעהערט. און וואָס איז מיר פאַרגעשטאַנען אין שטאָט? אַ וועש-נייטאָרין, איינע צווישן הונדערט. נאָר דאָס אַלץ וואָלט נאָך ווייניק געווען, ווען ניט ראובן. אויב איז מיר באַשערט געווען אין לעבן אַ טראָפּן ציכטיקע פרייד, אַ קרישקעלע גליק — האָט ער עס מיר געגעבן. כ׳געדענק ניט ווען כ׳האָב אים ליב באַקומען. כ׳ווייס בלויז, אַז אַן אים האָב איך אויפגעהערט צו זען די וועלט. וויפל ער האָט ניט געטענהט מיט מיר — פאַרלאָז דעם משק — האָב איך זיך ניט אונטערגעגעבן. כ׳האָב אים געענטפערט: ווי גאָט וועט געבן. אויף בלייבן מיט אים האָב איך גענומען גאָט צו הילף, כאָטש ער האָט ניט געלעבט אַזוי אין מיין האַרץ, ווי אין ראובנס.

ס׳איז ניט געווען ווי גאָט האָט געגעבן, נאָר ווי די אַראַבער האָבן געגעבן. כ׳געדענק יענעם ווינטערדיקן טאָג אין ניינצן אַכט און פערציק. די אַראַבער פון אַרום האָבן אָנגעגריפן די יידישע יישובים. מיר זענען שוין געווען געווינט צו די אָנפאַלן. אָבער דאָס מאָל האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן פון אַלע זייטן. טויזנטער. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי זיך געריסן צו אונדז, אָבער מען האָט זיי פאַרטריבן. מען איז ניט אָפּגעקומען אָן קרבנות. דריי בחורים זענען געפאַלן. איינעם האָב איך געקאָנט. אַ קליינער, אַ דאַרער יונגערמאַן. פון די ניי-אָנגעקומענע. געווען אין דאַכאַו. כ׳פלעג אים תמיד זאָגן — נעם נאָך אַ טעלער עסן, קריג אַ צורה...

אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך פאַרשווירן, אַז דעם טאָג מוזן זיי ענדיקן מיט אונדז, האָבן די אַראַבער געשטורעמט די יידישע דערפער. זייערע געשרייען, די יללות פון די ווייבער אויפצומונטערן דעם קאַמף, האָבן אַרויפגעוואָרפן אַן אימה. כ׳בין געזעסן אין בונקער נעבן די פאַרוווּנדעטע און די קני האָבן מיר געציטערט. די פינגער האָבן מיר ניט געדינט אָפּצורייסן אַ באַנדעראָל פון באַנ-דאַזש. כ׳האָב זיך געשעמט מיט מיין פחד, אָבער כ׳האָב זיך ניט געקאָנט העלפן.

טיף אין דער נאַכט איז ראובן צוריקגעקומען פון זיין פּאָזיציע. כ׳האָב אים צוגעגרייט עפּעס עסן, אָבער פון מידקייט האָט ער זיך צו גאָרניט צוגערירט. און אַזוי ווי ער איז געזעסן אויפן בעטל מיטן ביקס צווישן די קניען, האָט ער זיך פלוצעם געגעבן אַ הויב אויף און אויסגערופן אַ פאַרכריפּעטער:

— פאַרשאָלטן זאָל ווערן די רגע, ווען דער יצר הרע האָט מיר געטריבן דיר ברענגען אַהער, פאַרשאָלטן...

מער האָב איך אים ניט געלאָזט ריידן. כ׳בין צוגעפאַלן מיט קושן צו זיין צעשויבערטן קאָפּ, צו זיין צעפּלאָשעט באָרד, צו זיינע פייכטע אויגן:

— געבענטשט זאָל זיין... געבענטשט, נאַרעלע... און ווי גאָט וועט געבן...

עטלעכע חדשים האָבן מיר געהאַט רואיקערע. די שכנים האָבן געזען, אַז אַליין וועלן זיי גאָרניט מאַכן, האָבן זיי זיך פאַרבונדן מיט דעם אַראַבישן לעגיאָן, ער זאָל פאַר זיי קעמפן און זיי וועלן נאָכגיין פון הינטן אויפקלייבן דעם רויב. גלייך נאָך דער גרויסער אַטאַקע זענען אַרויס פון ירושלים פינף און דרייסיק בחורים העלפן די יידישע יישובים. אַראַבישע באַנדעס האָבן זיי איבערגענומען אויפן וועג צווישן די בערג. די קעמפער האָבן זיך פאַרטיידיקט ביז דער לעצטער קויל. אַלע זענען אומגעקומען. אויף איין ייד זענען געווען אפשר צען אַראַבער.

אַזוי איז מען געבליבן אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט אין אַ ים שנאה. מען האָט געפּרוּווט שיקן צו אונדז קליינע אַעראָפּלאַנען מיט עסנוואַרג און אַמוניציע. מען האָט זיי גערופן „פּרימוסן", ווייל זיי האָבן מער געהוזשעט, ווי געפלויגן. וואָס האָט שוין אַזאַ כלי געקאָנט אויפטאָן? איינמאָל האָט זיך יאָ דורכגעריסן צו אונדז אַן אויטאָ-טראַנספּאָרט, אָבער נעבן בית לחם האָבן די אַרומיקע באַנדעס פאַרהאַקט דעם וועג אויף צוריק. ווידער זענען געפאַלן קרבנות. טאָמער האָט מען גערופן די ענגלישע סאָלדאַטן צו הילף, האָבן זיי צוגענומען די פאַנצער-מאַשינען מיטן געווער און עס איבערגעגעבן די אַראַבער.

מען איז געווען אויסגעשטעלט אויף זיך. אין דאָרף האָבן זיך אָנגעהויבן חלוקי-דעות. אַ טייל האָבן געטענהט, אַז אַזוי ווי ס'איז מלחמה, דאַרף דאָס אָרט פאַרטיידיקט ווערן בלויז דורך רעגולערן מיליטער. מען דאַרף פאַרלאָזן דעם יישוב און גיין ערגעץ אַנדערשוואו אָפּבויען די היים. ווי נאָך, אַז אַלץ איינס איז די געגנט ניט איינגעשלאָסן לויטן חלוקה-פּלאַן אין דער יידישער מדינה, און מ'וועט מוזן ווען עס איז פון דאַנעט אַוועקגיין. דריי טעג האָט מען זיך געדונגען וואָס צו טאָן. אַזוי ווי ס'וואָלט גאָר קיין קריג ניט געווען, אַזוי ווי די אַראַבער וואָלטן גאָרניט געשאָסן פון אַלע זייטן, איז מען געזעסן אין עס-צימער און געוויגן באַשלוסן. דאָס וואָס ראובן האָט מיר אַמאָל געזאָגט, האָבן זיי נאָך אַמאָל איבערגעחזרט.

דאָ האָבן מיר אונדזער היים אויפגעשטעלט, דאָ זענען חברים געפאַלן און קינדער זענען געבוירן געוואָרן. פרעמדע לייט וועלן ניט פאַרהיטן אונדזער האַרעוואַניע, ווי מיר אַליין.

כ׳בין געזעסן אויף אַ הינטערשטער באַנק און געבראָכן די פינגער. ס׳האָט געטליעט אין מיר אַ האָפנונג — אפשר, אפשר וועט ער זאָגן מען זאָל זיך צוריקציען. אונדזערע כוחות זענען צו שוואַך זיך קעגנשטעלן דעם לעגיאָן מיט די באַנדעס אַרום. די ערד איז שוין ניט אונדזערס. די אומות העולם האָבן אַזוי באַשלאָסן. כ׳האָב אים שלעכט געזען אינעם קאַרגן ליכט, אָבער זיינע פּאָר ווערטער האָב איך גוט געהערט. פאַר מיר האָבן זיי געקלונגען ווי אַ פּסק-דין.

— חברים, לאָמיר פאַרגעסן דעם משק. מיר זענען איצט סאָל-דאַטן. מיר פאַרטיידיקן דעם וועג צו ירושלים.

זיי זענען געבליבן.

*

כדי אָפּצושוואַכן די באַלאַגערונג פלעגן די בחורים אַנגרייפן די אַראַבישע אויטאָס אויפן שאָסיי פון חברון צו ירושלים. ראובן האָט זיך פאַרקליבן מיט זיין גרופּע אין דעם פאַרלאָזענעם מאָ-נאַסטיר, וואָס ביים וועג. ער האָט אויפגעהערט קומען נעכטיקן. די ערשטע צייט האָב איך דאָרט געטראָגן עסן, ביז ער האָט מיר בפירוש פאַרבאָטן דאָרט צו גיין, מחמת דער סכנה; אָבער די געפאַר האָט זיך שוין געהאַט צעשפּרייט איבערן גאַנצן דאָרף. דאָס גאַנצע לעבן איז אַרויס פון געשפּאַן. איצט האָט דער לעגיאָן איבערגענומען אַלץ חרוב צו מאַכן. זיי האָבן אויסגעשטעלט האַר-מאַטן אויף די בערג און באָמבאַרדירט די יישובים. ווו נאָר פיר ווענט, זענען זיי געטראָפן געוואָרן. אַלץ איז געלעגן צעוואַלגערט און פאַרקריפּלט.

און געשען איז עס אין אַזעלכע שיינע טעג, די טעג פון חודש מאַי. די בערג, די שטומע עדות, האָבן אַרונטערגערוקט זייערע קעפּ אונטער דעם גרינעם גראָז, ניט צו זען דעם חורבן. ווידער האָבן בלומען געבליט, ווידער האָבן די ביימער זיך געצויגן צום בלויען

הימל, כדי צו לויבן די זון פאַר אירע וואַרעמע שטראַלן. אַלץ אַרום האָט געאָטעמט מיטן ברייטן אָטעם פון אָנהויב זומער. בלויז די מענטשן האָבן געשפּאַנט איבער אָט דעם ליכטיקן שטח פאַרפּינצ-טערט און פאַרזאָרגט. זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען זייער אומגליק.

דער טאָג איידער כפר עציון איז אויסגעגלייכט געוואָרן מיט דער ערד, האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי שטיל, ווי גאָט וואָלט זיך גע-דונגען מיט זיך אַליין — דערלאָזן עס, אָדער ניט? איך בין גע-שטאַנען אין קאַיאַר נעבן מיין צריפל און זיך געוווּנדערט וואָס די פויגלען צוויטשערן ניט, ווי געוויינלעך. די רואיקייט אַרום האָט מיך פאַרטויבט. אַזוי ווי די וועלט וואָלט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט.

מיטאַמאָל האָבן טויזנטער גאַרגלען זיך צעריסן אין ווילדע געשרייען. אויף די בערג האָבן אויפגעטויכט סטאַיעס פעלאַכן. די פיס האָבן זיך אונטערגעהאַקט ביי מיר. כ׳האָב געוואָלט לויפן און ניט געקאָנט. בין איך געבליבן זיצן ביי דער טיר, דורך וועלכער ראובן האָט מיר אַמאָל אַריינגעפירט בעתן ברענגען מיר אַהער פון ירושלים.

ווען איך וויל זיך איצט דערמאָנען וועגן יענעם טאָג, מישט זיך ביי מיר אין קאָפּ וואָס איז געווען פריער און וואָס שפּעטער. איך זע בלויז פייער און פלאַמען. איך געדענק ניט אַפילו ווי אַזוי איך בין דערגאַנגען צום ווייגאַרטן, וווּ ראובן איז געלעגן. ווי דורך אַ נעפּל זע איך זיין חבר דוד, אַן אָפּגעגאַנגענעם מיט בלוט, וואָס האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה. איינס געדענק איך יאָ. איך האָב געהאַלטן ראובנס קאָפּ אויף מיינע קניען און געוויינט. אַזוי האָט מן הסתם געוויינט מיין מאַמע בעת די דייטשן האָבן פאַר איר אין די אויגן דעם טאַטן דערהרגעט. איך בין געזעסן ביז אָוונט. געוויגט אים אין מיינע אָרעמס און גערופן — ראובן, רוּוועלע, רוּווינקע, רוּווינקע...

כ׳האָב ניט געהערט די טריט, וואָס האָבן זיך געגנבעט צו מיר אין דער פינסטער. פון הינטן איז דערגאַנגען צו מיר אַ שעפּטשעריי:

— אסתר, אסתר...

און איידער כ׳האָב עפּעס פאַרשטאַנען, האָט אַ האַנט מיר פאַרשטעלט דאָס מויל און מיר אָנגעהויבן שלעפּן פון אָרט. כ׳האָב אַפילו ניט געוואָלט פאַרשטיין ווי און וואָס. אַלע חושים זענען געווען ביי מיר אָפּגעשטאָרבן.

סולימאַן האָט מיר דאַן אַרויסגעפירט פון כפר עציון. מיין היהשער געוויין האָט אים געבראַכט צו מיר. אין אָוונט, ווען זיי האָבן דורכגעבראָכן די פּאָזיציעס, זענען די מער געוואָגטערע אַריין אין דאָרף. סולימאַן האָט געקאָנט יעדעס שטעגעלע, האָט ער מיר געזוכט, אפשר לעב איך. ער האָט מיר איבערגעגעבן אַן ענגלישן פּאַטראָל, וואָס האָט מיר אָוועקגעפירט קיין ירושלים.

אין אַ טאָג אַרום האָט מען אויסגערופן די יידישע מדינה.

*

ראובן איז געווען האַלב געזעבט. כ׳האָב די מומען ניט געפונען אין אַ שלעכטער רגע, נאָר אין אַ שלעכטן לעבן. דאָס האָב איך פאַרשטאַנען, ווען כ׳בין געקומען צו איר דאָס צווייטע מאָל. דער מאַן איז שוין לאַנג געווען פון איר אַוועק. זיי האָבן ניט געשטימט.

און איך בין אַוועק פון ארץ-ישראל. אַן ראובנען האָב איך ניט געפינען דאָ מיין אָרט. איך וווין אין אַ שטעטל נעבן ניו-יאָרק. אַליין. דאָרט האָב איך אַ סאָסנע, דערמאָנט זי מיר כפר עציון. די זעלנער, וואָס זענען געפאָרן מיט מיר אין אויטאָבוס צו די חורבות פון דאָרף, האָבן געלאַכט פון מיר, ווען כ׳האָב זיי דערציילט, אַז איך בין געקומען אַזש פון אַמעריקע נעמען פון דאָרט שטיינדלעך. גיי דערקלער אָט די יִינגלעך, וואָס האָבן אין זעקסטאָגיקן קריג דעראָבערט דאָס צעהאַקטע כפר עציון, אַז עס קלאַפּט נאָך אין מיר אַן אָדער — אפשר איז געבליבן אַ טראָפּעלע ראובנס בלוט אויף איינעם פון די שטיינדלעך נעבן ווייַנגאָרטן, וועל איך עס באַערדיקן אונטער מיין סאָסנע.

איצט איז יוני ניינצנזיבנאונזעכציק. מיט צוואַנציק יאָר צוריק בין איך דאָ געשטאַנען...



... איך בויג זיך אריבער איבערן אייזערנעם באריער און זוך אין דער טיף די כוואליע. איך וויל אויף איין רגע זיין מעכטיקער פונעם ים.

# דער טרויער האט מיך
# ניט איינגעבראכן

דער טרויער האָט מיך ניט איינגעבראָכן. ניין! אַט שטיי איך פאַר אייך, ווי עס וואָלט גאָרניט געשען. אַט גיי איך, אַזוי ווי איר אַלע, שפּאַצירן צום ים. איך בין אפשר דער איינציקער מענטש צווישן אייך, וואָס איך האָב ניט ליב דעם ים, ניט זיין רוישן, ניט זיין ווילדן קלאַפּן מיט די כוואַליעס אינעם שטייניקן ברעג; אָבער איך קום אַהער ווי איר אַלע.

איך קום דאָ צום תל-אביבער ברעג באַוווּנדערן די ברייטע מרחקים פונעם וואַסער, די פּלאַזשע, און איך קום דאָ זיך פאַר-שליסן אין מיין אייגענער תפיסה. איך קום דאָ איינזאַפּן דעם גע-שריי פון די כוואַליעס, כדי צו דערטרינקען אין זיי מיין געשריי.

דער טרויער האָט מיך ניט איינגעבראָכן... איך פיר ווייטער מיין טאָגטעגלעכן לעבן. איך שטיי אויף אין דער פרי, זאָג אַ גוט-מאָרגן מיין פרוי און גיי צו דער אַרבעט, ווי ס׳וואָלט גאָרניט געשען, ווי ס׳וואָלט גאָר קיין מלחמה ניט געווען; ווי די זעקס טעג פון דעם קריג זאָלן ניט האָבן אַריבערגעלאָפן איבער אונדזערע קעפּ, איבער אונדזער הויז און מיטגענומען אין דעם געווירבל אַ שטיק לעבן מיינס, ניין, אפשר אַ גאַנץ לעבן מיינס.

יעדן אָוונט רוף איך מיך אָפּ צו מיין פרוי: לאה, קום צום ים, וועסט זיך צעשטרייען. זי ענטפערט מיר: גיי אַליין. ס׳איז נאָך ניט די צייט איך זאָל קאָנען אַרויס פון שטוב. גלייך ווי ס׳קאָן נאָך קומען אַ צייט, ווען זי וועט ווידער קאָנען פאַרקעמען אירע בלאָנדע, זיידענע האָר, שמינקען די ליפּן און מיט אַ שמייכל אין אירע קלאָרע אויגן זיך בעטן ביי מיר: „קום אַ ביסל לענג-אויס דער גאַס, ביז צום ים״.

ניין, אַזאַ צייט וועט שוין מער ניט קומען! ביי איר זיכער ניט. קום איך אַהער אַליין. איך בויג זיך אַריבער איבערן אייזערנעם באַריער און זוך אין דער טיף די כוואַליע. איך וויל אויף איין רגע זיין מעכטיקער פונעם ים, כדי אויסצושרייען פאַר דער גאַנצער וועלט: אַבשלום, מיין קינד! מיין זון אַבשלום!

אָט שטייט ער דאָרט אין אַ ווינקל מיט דעם רוקזאַק, גרייט צו גיין. אַ שמייכל, דער מאַמעס שמייכל, שפּילט אויף זיינע ליפּן. „נו, אבא, להית׳!..." און אָט האַלט ער שוין מיין האַנט אין זיינע; און פּלוצעם, אין איין רגע, דערפיל איך אַ מענערישע, פעסטע האַנט דריקט מיינע און... שוין, אויס קינד, אויס אַבשלומקע, וואָס כ׳האָב אים געטראָגן אויף די אַקסלען און געשמיסן פאַר רייסן מיינע ביכער. „קום נאָר אַהער, תכשיט מיינער, קום נאָר אַהער! ווי האָסטו געוואַגט אַרויסצורייסן אַלע צייכענונגען פון דעם בוך, האַ? אָט האָסטו איינס פאַר דעם בוך און איינס פאַר נעכטן! איך וועל דיך אויסלערנען דרך-ארץ פאַר אַ בוך".

און אָט שטייט ער אַנטקעגנאיבער, מיין קינד, מיין אַבשלום, וואָס אַ בוך איז געוואָרן זיין בעסטער פריינט — אָט שטייט ער פאַר מיר און איז שוין מער ניט אין מיין רשות. ער האָט אַריינגע-שטופּט אין רוק-זאַק דאָס אייגענע לעבן זיינס און ער פירט עס מיט זיך אין פייער אַריין. און די מאַמע זיינע שטייט אַקעגנאיבער און ווייס ניט וואָס צו טאָן, ביז זי באַטראַכט זיך אים אַרומצונעמען, צודריקן צו איר ברוסט...

— קוש אים ניט! ניט קושן אים! ער פאָרט ניט אין עק וועלט, ניטאָ זיך וואָס צו קושן! ער וועט צוריקקומען וועסטו אים קושן!"

און אַזוי איז ער טאַקע אַרויס פון דער היים און מיין פרוי קאָן עס מיר ניט מוחל זיין, ווייל — אַבשלום איז ניט צוריקגעקומען. איך האָב בלויז געוואָלט זיין האַרץ שטאַרקן, געבן אים דאָס געפיל, אַז עס קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין, אַז ער מוז צוריקקומען אַ היים,

צו טאַטע-מאַמע, צו זיינע חברים; אַ צאַרטער בחור געווען, כ׳האָב אים געמוזט שטאַרקן, מיין קינד, מיין אַבשלום.

דער טרויער האָט מיך ניט איינגעבראָכן. אַט שפּאַן איך, ווי איר אַלע, נעבן ים-ברעג מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ; און אפשר זענען צווישן אייך אויך פאַראַן טאַטעס, וואָס שטייען פאַרזונקענע בלויז אויפן מיליטערישן בית-הקברות, פאַר שטיינער, אונטער וועלכע עס ליגן די קינדער, וואָס זענען געפאַלן ביים באַשיצן די מדינה? אפשר פאַרשטייען אויך אַנדערע, אַז דעם טרויער מוז מען פאַרגראָבן אינעם אייגענעם האַרץ און מען מוז גיין אין גאַס מיט אַ גלייכן רוקן? יאָ, מיט אַ גלייכן רוקן, ווייל עפּעס איז אין די זעקס טעג געשען!

וואָס איז מיט מיר, וואָס שריי איך אַזוי? כ׳האָב זיך אויף אַ רגע פאַרגעסן. קאָן איך דען איבערשרייען די כוואַליעס?..

איך וועל שוין גיין אַ היים. כ׳וויל ניט איבערלאָזן מיין פרוי צו לאַנג אַליין. כ׳דריי זיך שוין דאָ אַרום גוטע עטלעכע שעה. עס טרייבט מיך פשוט פון שטוב. איך פיל זיך אַזוי ווי שולדיק פאַר מיין פרוי, גלייך ווי איך וואָלט געשיקט אונדזער קינד אין דער מלחמה, גלייך ווי איך וואָלט צוגענומען פון איר די גאַנצע פרייד.

ווען ער האָט געלעבט, האָט ער אונדז ביידן געבונדן. זיין טויט האָט ווי אַ קלין צעשפּאָלטן אונדזער צוזאַמענזיין. ווו נעמט מען דאָס ריכטיקע וואָרט זי צו טרייסטן? וואָס זאָגט מען איר! אדרבא, אפשר ווייסט איר עפּעס אַ כישוף-וואָרט פאַר אַן עלנטער מאַמען, וואָס האָט פאַרלוירן איר בן-יחיד?

ס׳איז שוין געווען אַ פּאָר טעג נאָכן קריג. מיר זיצן אַזוי פאַר-זונקען אין די אייגענע ספיקות פון ניט האָבן פון אים קיין שום ידיעה, קלינגט אין טיר. מיר זענען ביידע אויפגעשפּרונגען. איך עפן די טיר, שטייט אויפן שוועל אַ חיילת. אַ טיפער ערנסט איז אויסגעגאָסן איבער איר יונגן, מילדן פּנים. זי פרעגט, צי מיר זענען די עלטערן פון אַבשלום. אַזוי ווי איך זאָג יאָ, פאַלט זי צו צו מיין פרוי, כאַפּט זי אַרום מיט ביידע הענט און ביידע בלייבן זיי פאַר-

קלאַמערט איינע אין די אַנדערע, ניט אָפּצורייסן. איידער איך באַוויִיז אַרויסצורעדן אַ וואָרט: ווער זענט איר, וואָס ווילט איר, וואָס קומט דאָ פּאַר? — לייגט די חיילת אַוועק אַ בריוו אויפן טיש און לויפט אַרויס מיט אַ געוויין פון שטוב. זי איז געשיקט געוואָרן פון דער דיוויזיע אונדז מודיע זיין וועגן אַבשלום... דער בריוו איז געקומען פון זיין מפקד.

פון יענער רגע, ווי אָט די פרעמדע חיילת האָט אַרומגעכאַפּט מיין פרוי מיט אירע קינדערשע אָרעמס, פון יענער רגע האָט זי שוין מער קיין טרייסט ניט געפונען, ווייל איך קאָן זי ניט טרייסטן. איך קאָן ריידן צו איר קאָפּ אָבער ניט צו איר האַרץ. אַ מאַמע וויל ניט און קאָן ניט אַלץ פאַרשטיין. זי וויל צוריק איר זון, ניט קיין שטיין אויף צו לייגן דאָרט בלומען יעדע וואָך.

און איצט וועל איך אייך מגלה זיין אַ סוד, אָבער דערציילט עס ניט קיינעם. איך, דער גרויסער חכם, דער גרויסער באַנעמער פון דעם הויכן ציל צוליב וועלכן ער איז געפאַלן, איך וויל אויך מיין קינד, מיין אַבשלום צוריק!

מ׳דאַרף גיין אַ היים. איך דאַרף גיין אויסהערן מיין פרויס תרעומות: פאַרוואָס האָב איך אים אַזוי אַוועקגעלאָזן, אַפילו ניט אַרומגענומען. זי ווייס ניט, אַז פון דער רגע, ווען ער איז אַרויס פון דער היים, בין איך געווען מיט אים.

איך בין געשטאַנען אַ פאַרשטיינערטער ביי מיין שרייב-טיש און אים געזען אין די רייען מיט נאָך חיילים. כ׳האָב געזען ווי זיי האָבן זיך געפרייט איינער מיטן אַנדערן, זיך געקלאַפּט איבער די אַקסלען און גערעדט גראָב-יוּנגלערישע רייד. איך בין צוזאַמען מיט אים אַריין אין זיין טאַנק. מיין פרוי מיינט, אַז אין יענער נאַכט בין איך געזעסן מיט איר ביים אָפענעם ראַדיאָ. זי ווייס ניט, אַז איך בין גאָר דעמאָלט געווען מיט אַבשלומען. כ׳בין צוזאַמען מיט אים אַרויסגעשפּרונגען פונעם אָנגעצונדענעם טאַנק. צוזאַמען מיט אים געלאָפן איבערן פעלד, פאָרויס, פאָרויס, צו דעם שונאס

טראַנשייען. אָט זענען מיר שויןביים ראַנד פון טראַנשיי. מיר ווילן שיסן. דער אויטאָמאַט איז שוין אויסגעליידיקט, אָן קוילן... אַבשלום! דעם גראַנאַט! וואַרף! וואַרף! דעם גראַנאַט, וואַרף! אָ... מיין זון, מיין אַבשלום... כ'בין געווען מיט דיר ווען דו ביסט געפאַלן, ווען דו האָסט אויסגעקרעכצט: אמאַ, אמאַלע!..

דער טרויער האָט מיך ניט איינגעבראָכן, — ניין...
און איצט מוז איך שוין גיין, ס'איז שפּעט, אַ גוטע נאַכט...



... — ניטאָ קיין כוח... ניטאָ...

# ביים כותל

אַבראַשע דער סערזשאַנט איז געלאָפן דורך שמאָלע, גע־וועלבטע געסלעך פון דער אַלטשטאָט, ביז אַ מאַשינגעווער האָט אים געהייסן זיך צופרעסן צו די שטיינער אויפן ברוק. פון אַ פענ־סטער ביים עק געסל האָט אַ שוואַרצע לופע געשפריצט פייער. ער האָט טאַקע געהאַט איבערגעיאָגט דעם קאָמאַנדיר, אָבער וואָס איז דערפון, אַז ער קאָן ניט ווייטער. יענער האָט געשריען פון הינטער אַ ראָג — אַבראַשע, וואַרף אַ גראַנאַט!

— וואַרף אַ גראַנאַט... ס'איז גוט צו ריידן... דאָס מאַשינ־געווער האָט ניט געלאָזט אויפהויבן דעם קאָפּ. אַבראַשע האָט אָפּגעטשעפּעט פון אונטער זיך אַ גראַנאַט, מיט די ציין אַרויסגע־שלעפּט די פאַרזיכערונג, און פאַרוואָרפן אים מיט אַ ברייטן בויגן צום פענסטער. אין דער רגע ווען זיין האַנט האָט זיך אויסגעגלייכט צום הימל, האָט ער זיך געזעגנט מיט איר — זי איז שוין ניט מיינע... נאָר די קוילן, ווי זיי וואָלטן ניט געהאַט קיין שליטה איבער איר. — אַזאַ האָגל — האָט זיך אַבראַשע געוווּנדערט אויף דער ניצול געוואָרענער האַנט, ווי אויף אַ פרעמדן געפינס — און ניט געטראָפן.

דאָס מאַשינגעווער איז אַנטשטומט געוואָרן. אַבראַשעס גאַנצע בריגאַדע מיטן קאָמאַנדיר בראש, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן, ווי קונדסים נאָך אַ שיעור, אין אַ ווילדן געלויף דורכן געסל. אַן איינ־זאַמע סעריע, כנראה פון דעם פאַרוווּנדעטן לעגיאָנער, וואָס האָט בראַוו באַדינט זיין געווער ביזן לעצטן אָטעם, האָט צעשליידערט די זעלנער אין אַלע זייטן. אויפן ברוק זענען געבליבן ליגן דער קאָמאַנדיר און צוויי יונגיטשקע פאַראַשוטיסטן, וואָס אַבראַשע האָט זיי גערופן די מיזיניקלעך.

די שטילקייט האָט טויב געקלאַפּט אין די מויערן פון ביידע

זייטן געסל. די זעלנער האָבן זיך צוגעשפּאַרט צו זיי, איינגעקאַר-טשעט די קעפּ טיפער אין די אַקסלען, און זיך בלינד פאַרלאָזן אויף די שטאָלענע העלמען, זיי זאָלן אָפּהאַלטן די באַשערטע קויל. מיט-אַמאָל האָבן זיך גלאָקן צעקלונגען אין אַ דערבייאיקן קלויסטער. דער פרעמדער, מעטאַלענער קלאַנג האָט זיי באַאומרואיקט. קינדער פון יידישע שטעט, פון יידישע יישובים, זענען זיי ניט געווינט געווען צו אַזאַ מבשר זיין דער וועלט, אַז אַ גאָט איז פאַראַן און מען דאַרף אים גיין דינען. האָבן זיי זיך נאָך מער צוגעדריקט צו די קילע ציגל. פאַר אַבראַשען איז דער גלאָקן-קלאַנג ניט געווען קיין חידוש. ער איז געבוירן געוואָרן מיט דעם. האָט ער זיך אַראָפּ-געבויגן צו די טויטע גופים און געמיינט צו בלייבן נעבן זיי מיט אונטערגעהאַקטע קניען ביזן סוף פון דער שלאַכט; נאָר עמיץ פון דער קאמפּאַניע האָט אָוועקגעשפּאַנט פון דער וואַנט און אים אָנגענומען פאַרן אָרעם. אַזוי ווי יענעמס האַנט וואָלט אַ שטיק אייזן געווען, צעברענט ביז רויט, האָט זיך אַבראַשע אַ ריס געטאָן פון דער קלעם, אין וועלכן זיין צעווייטאָגט האַרץ האָט אים אַריינ-געשטופּט, און אויסגעשריען מיט אַ פרעמדן, צעריסענעם קול — אחרי! נאָך מיר!...

נאָך מיר׳ האָט פריער געשריען דער געהרגעטער קאָמאַנדיר. ער האָט אָנגעהויבן זיך רייסן דעם האַלדז אויפן היגל פאַר דער אַראַבישער פּאָליציי-שול, און אַזוי דעם גאַנצן וועג ביז אַהער. ער האָט געדאַרפט דערגיין, דערלויפן ביז צום הר הצופים. אויף דער שטאַבס-קאַרטע, אויסגעווירעט מיט אַ רויטן בלייער, איז עס געווען זייער לייכט, אָבער אויף דער צעפערטלטער ערד, דורכגעווירעט מיטן שונאס שוצגראָבנס, איז דער וועג געצייכנט געווען מיט בלוט. דער קאָמאַנדיר האָט געשריען — נאָך מיר! און יעדע רגע איז עמיץ געבליבן אין וועג. ווער מיט אָפענע אויגן, ווער מיט אַ פאַר-שטיקטן קרעכץ. מען איז געלאָפן, זיך ניט אומצוקוקן, ביז די אויסן-מויערן פון דער אַלטשטאָט.

בעת די קאַמפן נעבן אַמוניציע-בערגל, ווי די זעלנער האָבן

אַ נאָמען געגעבן דעם שטילן שיפוע צפונדיק פון דער פּאָליציי-שול, האָט ער, דער קאָמאַנדיר, נאָך אַלץ ניט פאַרלוירן דאָס קול. דאָס געשריי האָט געהויבן דעם טויט-פאַרוווּנדעטן סאַניטאַר פון אָרט, אָבער ער איז געבליבן ליגן אויף די שטיינער מיט דער טאָרבע רפואות. דערנאָך האָט ער זייער געפעלט. אַ יינגל פון פוילן. גע-רעדט עברית מיט אַ שאַרפער ריש. מיט אַבראַשען פלעגט ער שמועסן אויף פויליש. מקטרג געווען אויף די ווילדע סאַברעס, וואָס מיינען, אַז די גאַנצע חכמה איז אַריין אין זיי. ער איז אַרויסגע-שפּרונגען פון קאַנאַל, כדי צו העלפן אַ פאַרוווּנדעטן, וואָס איז געפאַלן אין אָפענעם פעלד. דער קאָמאַנדיר האָט אים געוואָלט פאַרהאַלטן — טאָרסט ניט, ביסט דער לעצטער סאַניטאַר געבליבן; אָבער ער האָט זיך אַוועקגעיאָגט מיט דער שווערער טאָרבע צום געטראָפענעם, וואָס האָט צוגעהאַלטן מיט אַ האַנט דאָס צעריסענע אינגעווייד. די קוילן האָבן זיך געדיכט געלייגט איבערן שטח, גע-פּיקט מיט די בלייענע שנאָבלען יעדעס ברעקל ערד. ער איז געבליבן נעבן יענעם און די צעוואָרפענע באַנדאַזשן, ווי פאַסן תכריכים, האָבן אָפגעמערקט פון דער ווייט דאָס אָרט, וווּ ער איז געפאַלן. דער לעצטער סאַניטאַר פון דער קאָמפּאַניע. צוויי אַנדערע זענען נאָך פריער אומגעקומען.

אַבראַשע לויפט. איידער ס'איז אַרויס דער באַפעל צו שטורמען די ירדנישע פּאָזיציעס האָבן די זעלנער געפאָדערט פונעם מילי-טערישן רב אַ שבועה, אַז די אַלטשטאָט, וואָס איז יאָרן געווען אָפּגעריסן פון ירושלים, וועט מער קיינמאָל ניט זיין אין דער פרעמד. דער רב האָט אויסגעצויגן אַ דאַרע, אַדערדיקע האַנט איבער די יונגע קעפּ און געשעפּטשעט — ער וועט איבערגעבן די זעלנערישע בקשה צו די מנהיגים און צו כל ישראל. אויף דעם סמך איז מען געלאָפן אונטערן פייער. אינעם זאַמלפּונקט פאַר די פאַרוווּנדעטע זענען אָנגעקומען חיילים, כוואַליע נאָך כוואַליע. אַנדערע האָבן אַריינגעפּויזשעט. זעלנער אָן פיס, אָן הענט, האַלב פאַרברענטע טאַנקיסטן, קאַנאָניערן צעלעכערטע פון קוילן. אַ בלאָנדער חייל

מיט אַ פּנים פול גרינע שפּרינקעלעך — שפּורן פון אַ האַנט-גראַנאַט, וואָס איז געפּאַלן פאַרביי. און צווישן זיי דרייט זיך אום אַ יונגער דאָקטאָר. ער ווייס ניט צו וועמען פריער צוצופאַלן. דאָס ערגסטע איז, זיי קרעכצן ניט, די פאַרוווּנדעטע. זיי ליגן אָנגעשפּאַרט ביי די ווענט און וואַרטן — ווער אויף הילף, ווער אויפן טויט. און דעם יינגן דאָקטאָר, וואָס אין ציווילן לעבן אָרדינירט ער אין אַ שפּיטאָל, ווו מען ברענגט קרבנות פון איבערגעקערטע אויטאָס, אָדער סתם אומגליקן, פעלן אָט די קרעכצן. ער איז איבערגעבויגן איבער אַ זעלנער, נייט די ווונדן, און בעט זיך ביי אים: קרעכץ, צו אַלדי רוחות, וויין אויפן קול, דיר וועט ווערן לייכטער; אָבער דערווייל לאָזט ער אַ טרער, ווייל ס'איז צופיל פאַר אים, צופיל.

אַבראַשע איז געלאָפן. ניט בלויז ער, נאָך חיילים זענען גע-לאָפן אין דער זעלבער ריכטונג, נאָר דורך אַנדערע וועגן. איין באַטאַליאָן האָט זיך געריסן צום ציל דורך דעם אַמוניציע-בערגל. דער צווייטער באַטאַליאָן — פאַרביי נחלת שמעון. אַלץ ערטער ירושלימדיקע. און דער ציל פאַר אַבראַשען איז אַזוי פאַרנעפּלט.

דער קאָמאַנדיר האָט אויסגערופן — אַלטשטאָט! אַז די ניי-שטאָט איז אים אויך שוואַך באַקאַנט. איינמאָל איז ער געווען אין ירושלים אויף אַן אזכרה נאָך די קדושים פון זיין היימשטאָט. ער איז אָנגעקומען פאַר פינסטער און אָוועקגעפאָרן דעם זעלבן אָוונט. אַבראַשע האָט ניט איינמאָל געפּלאַנט צו נעמען די קינדער און פאָרן אַ שבת באַקוקן ירושלים. ס'איז אָבער ניט אויסגעקומען. יעדעס מאָל איז געווען אַן אַנדער אָפּהאַלט. איצט האָט ער יאָ געזען אַ שטיק שטאָט, אָבער אין געלויף. ניט מיט ווייב און קינדער, נאָר מיטן מאַשין-ביקס, וואָס אַן אים איז מען אין דער שלאַכט עלנטער, ווי אָן דער משפּחה. דער קאָמאַנדיר, איידער מען האָט זיך געוואָרפן אין דער שלאַכט, האָט זיי באַוויזן פון דער ווייטנס די אַלטשטאָט. זיי זענען געשטאַנען נעבן אַ גרויסן האָטעל, וואָס האָט אָפּגעקאָסט געוווג לעבנס ביז מען האָט פון דאָרט אַרויסגעשטויסן די לעצטע ירדנישע סאָלדאַטן. דאָס גראָז פאַר דעם אַריינגאַנג האָט

געצויגן זיך אַוועקלייגן אויפן בויך אָפּכאַפּן דעם אָטעם. די יוני-זון האָט געוואַרעמט, ניט געבערענט, ווי זי וואָלט זיך געהאַט גערעכנט מיט דעם שווערן מאַרש באַרג-אַרויף. גאַנץ ירושלים איז געלעגן ביי זייערע פיס. ווי געבויט פון זשוויר, וואָס מען נוצט אין די גלאָז-הוטעס, אַזוי האָט זי געהעלט אונטער דער זון. דער קאָמאַנדיר האָט זיי געהייסן קוקן אויף צוויי קופּאָלן — אַ גאָלדענעם און אַ זילבערנעם. דאָרט, האָט ער געזאָגט, איז די אַלטשטאָט. די קופּאָלן זענען דעכער פון געבעט-הייזער, וואָס זענען שטאַרק פאַרהייליקט ביי די אַראַבער. קיין זעלנער זאָל דאָרט ניט וואָגן באַוויַזן בריה-שאַפט. די קופּאָלן האָבן שעמערירט, זיך געשמאָלצן מעטאַליק קעגן הימל, און ס׳האָט אויסגעזען ווי באַלד וועלן זיי אַראָפּרינען אין רונדיקע טראָפּנס, ווי מטבעות, צום אויסגעפּלאָסטערטן הויף, וואָס אַרום.

ווען ניט די מויערן אַרום דער אַלטשטאָט, וואָלט אַלץ געווען לייכטער. די לעגיאָנערן האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס אין דער הויך און ניט צוגעלאָזט קיין שום כוח. דער קאָמאַנדיר האָט פריער אָנ-געזאָגט מען זאָל שוינען דאָס אָרט, ניט באַוויַזן קיין בריהשאַפט; אָבער ווי זאָגט מען די האַרמאַטן-קוילן ניט צו פאַרטשעפּען אַ הייליקייט? איז איבערגעבליבן פאַרן זעלנער נעמען אַלץ אויף זיך. אַבראַשע האָט אין געלויף געטראַכט — מען שוינט שטיינער, און דאָ פאַלן בחורים. ירדנישע סנייפּערס זענען געזעסן אויף די מויערן. מיט עטלעכע גוטע האַרמאַטן-סאַלוועס פּטרט מען זיי אַלע. אָנשטאָט דעם האָט דער קאָמאַנדיר באַפוילן צו מינירן אַ טויער, דעם שער ציון, און דורך דאָרט זיך אַריינרייסן אין דער אַלטשטאָט. נאָך אַ בריגאַדע האָט געטאָן דאָס זעלבע. זי האָט זיך אַריינבאַקומען אינעווייניק דורך דעם שער האריות, אַ טויער וואָס איבער אים זענען אויסגעקריצט אין שטיין צוויי פּאָר לייבן, יידישע לייבן, ווי פון אַ פּרוכת גענומען. דאַמאָלסט האָט נאָך דער קאָמאַנדיר גע-לעבט. ער האָט געפירט. איצט פירט אַבראַשע. און ניט אַזוי פירט ער, ווי ער לויפט נאָך אַ זעלנער מיט צעשאָטענע לאַנגע פּאות, וואָס רייסן זיך פון אונטער דעם העלם. די אַלע געסלעך, די ליק-

לער, די טונקעלע נישעס זענען אַבראַשען אַזוי פרעמד, אַזוי אומ-היימלער. און יענער זעלנער גאַלאָפּירט איבערן ברוק צילבאַוווסט-זיניק, ווי אַ בעל-חי צו דער געווינטער נאָרע. ס'איז שכנא דער למדן, אַ זעלנער פון אַבראַשעס בריגאַדע. יענער האָט נאָך פריער דערציילט, אַז זיי האָבן געוווינט ביזן קריג פון ניינצנאַכטאונפערציק אין דער אַלטשטאָט. ער געדענקט יעדעס ווינקל, כאָטש ער איז נאָך דאַן אַ קליין יינגל געווען. שכנא האָט אַליין געקאָנט זיין אַ מנהיג, אָנפירן מיט אַ קאָמפּאַניע, אָבער זיין עניוות האָט אים געשטערט. ער האָט אָפּגעטאָן זיינס, איז ער אַוועק אין אַ זייט, ניט געוואַרט אויף שבחים. מען האָט נאָך ניט פאַרגעסן זיין וואַרפן זיך דער ערשטער מיט אַ מעסער אויף אַ גרופּע לעגיאָנערן, וואָס זענען אָנגעלאָפן אויף זיי פון אַ פאַרזעענעם בונקער. ער איז געווען אַ געבווירענער קעמפער. אַבראַשע האָט אים געזען אין מאַרש און זיך געוווּנדערט פאַרוואָס אַזאַ בחור איז ניט קיין אָפיציר, נאָר אַ לערער אין אַ חסידישן יישוב; אָבער אויף זיין פנים האָט מען געלייענט דעם גאַנצן טרויער פון אַ ריינער נשמה בעת בלוט-פאַרגיסונג. ער האָט געשלעפּט פאַרוווּנדעטע לעגיאָנערן צום זאַמל-פונקט. איצט איז שכנא געשפּרונגען איבער שוועלן, געהיפּערט איבער טרעפּ, זיך געדרייט אין אַ ווילדן געלויף דורך שמאָלע הויפן און ניט אויפגעהויבן דעם בליק אין דער הויך, אפשר לויערט פון אַ דאַך אַ פיינטלעכער סנייפּער. אַזוי ווי אַ יענוועלטיקער כוח וואָלט אים געשטופּט צו שטורעמען דעם מרחק אויף בלינד, און זאָל די סכנה זיין ווי גרויס. אַבראַשע האָט געפילט ווי די כוחות פאַרלאָזן אים. דער אָטעם האָט זיך אים פאַרהאַקט. ער האָט שוין באַלד געהאַלטן ביים פאַרלירן שכנאן פון אויג. מיט געבראָכענע קניען האָט אים אַבראַשע קוים דעריאָגט ביז אַן עפענונג אין אַ וואַנט, וואָס אַ שראַפּנעל האָט מן הסתם אויסגעהאַקט. דאָרט איז שכנא פאַרשוווּנדן געוואָרן. אַבראַשע האָט מיט דאָס לעצטע ביסל כוחות זיך אָנגעכאַפּט אָן די שאַרפע ציגל-ראַנדן פונעם דורכבראָך, כדי נאָכצופאָלגן שכנאן.

די וואַנט איז אויסגעוואַקסן פאַר אים. אַבראַשע האָט געשטעלט אַ שריט אויף הינטער. ער האָט זיך ניט געריכט אויף אַזאַ מאַסיוו צווישן קליינע, אָרעמע הייזקעס.

— איז עס ?

— אוי...

— דער כותל, דער כותל מערבי...

די זעלנער האָבן געשעפּטשעט, ניט געוואַגט צו ריידן הויך. עטלעכע זענען שטיל צוגעגאַנגען צו שכנאָן. יענער האָט געהאַט איינגעגראָבן דאָס פּנים אין די שטיינער. די ברייטע אַקסלען זיינע האָבן געציטערט. אין גאַנצן האָט דער פּילגעפּרווועטער חייל אויסגעזען ווי אַ קינד, וואָס איז צוגעפאַלן צו דער מאַמעס שויס אויסקלאָגן אַן עוולה. זיינע חברים זענען געשטאַנען צעטומלטע אַרום אים און ניט געוווּסט צי זאָל מען אים זאָגן אַ סאָלדאַטיש וואָרט, אָדער לאָזן אים אַזוי. נאָך חיילים זענען אָנגעלאָפן. פרעמדע, פון אַנדערע בריגאַדעס. די רגע פון שטילקייט, וואָס דער כותל האָט אַראָפּגעשוויגן אויף די ערשטע רייען דעראָבערער זיינע, איז צעריסן געוואָרן דורך יובל-געשרייען, דורך געזאַנגען און תפילות אויפן קול — אויסגעלייזט דעם הר הבית !...

— בית המקדש...

— אשרינו...

...און אַבראַשע שטייט אין אַ זייט פון געטומל און זעט איינס — דעם טאַטן זיינעם, דעם ווילנער שילדן-מאָלער. ער האָט אין זיין פרייער צייט באַפּוצט אַ וואַנט פון דער מאַלאַרסקער קלויז, וואָס איבער דער קהלשער באָד אויפן שול-הויף מיט אַן אָפּבילד פון כותל מערבי. עס גרינען פאַר אַבראַשעס אויגן די בינטלעך גראָז, וואָס דער טאַטע האָט געמאָלט צווישן די שטיינער פונעם כותל. זיי זענען געווען אפשר גרינער ווי מען האָט באַדאַרפט, אָבער ווי דער טאַטע האָט זיי געפּיעשטשעט מיט זיין פּענדזל. ווען ער וואָלט איצט געווען דאָ...

ניט אַלע זענען דערלאָפן. אויפן וועג צום כותל מערבי זענען

געבליבן צענדליקער. אורי, מרדכי, איתן דער קיבוצניק, יוזעק דער סאַניטאַר, דאָס ייִנגל פון פוילן. אויך דער טאַטע איז ניט דערלאָפן. געבליבן מיט אַלע נאָענטע אויף פּאָנאַר.

אַבראַשע זעצט זיך אַוועק אויף דער ערד און שפּאַרט זיך אָן מיטן רוקן אָן אַ ווינקל מויער.

— אַבראַשע, וואָס זיצסטו שבעה? זע וואָס דאָ טוט זיך! אַלע טאַנצן, און דו...

— ניטאָ קיין כוח... ניטאָ...

אַזוי זיצט ער ביז די בריגאַדע פאַרמירט זיך צו שפּאַנען ווייטער. דער כותל בויגט זיך איבער אים.

# אינהאַלט

## פון זעלבן מחבר:

דער וועג קיין סדום

— ישראל דערציילונגען

פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1959

ביים ווילנער דורכהויף

— דערציילונגען וועגן ירושלים ד׳ליטא

פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1967